סע ביבליאָטעק.

# שריפטען

פון

ג. טשאָרני.



פערלאג „ביכער-פאר-אלע“, ווארשא דלוגא 11.

ווארשא, — תרע"ב.

דרוק „האור“, דלוגא 11.

# СОЧИНЕНІЯ Г. ЧЕРНАГО.

Изданіе „Бихеръ-Фаръ-Алэ“, Варшава Долгая, 11.

1912.

Типографія М. Кринскаго, Варшава, Долгая 11.

# אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם פּערפאָסער.

דער מאַלער און שריפטשטעלער ג. טשאַרני איז געבוירען ביי אינטעליגענטע, אָבער אָרעמע עלטערן אין שטעדטעל מיר (מינסקער גוב.). וואָס געהערט צום בעוואוסטען פירסט סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי, (געוועזענער מיניסטער פון אינערן אין רוסלאַנד).

דיעזער פירסט האָט געהאַט אַ געוויסע ווירקונג אויף דער ענטוויקלונג פון קינסטלער. צופעליג איז אָנגעקומען צום פירסט זעהר אַ געלונגענעם בילד, וואָס טשאַרני האָט געמאָלט אַלס יונגעל אין 12־יאָהריגען עלטער. דאָס בילד האָט פאָרגעשטעלט דאָס אויסזעהן פון פירסטליכען פּאַלאַץ מיט דער אומגעגענד. דער פירסט האָט געלאָזט אויפזוכען אין שטעדטעל דעם יונגעל, האָט זיך פעראינטערעסירט מיט איהם און האָט בעשלאָסען צו לאָזען איהם בילדען אַלס קינסטלער.

מיט דער שטיצע פון פירסט איז טשאַרני אָבגעפאָהרען קיין ווילנא, וואו ער האָט אָנגעהויבען לערנען אין דער דאָרטיגער מאַל־שולע. אין אַ צייט אַרום איז ער פון דאָרט אָבגעפאָהרען קיין אַדעס, דערנאָך קיין וויען און מינכען, וואו ער האָט געלערענט ביי'ם פּראָפעסאָר פראַנץ שטוק, איינער פון די בעריהמטעסטע מאָדערנע דייטשע קינסטלער.

ענדיגענדיג זיין שטודיום אַלס מאַלער, איז טשאַרני געקומען קיין וואַרשאָ, וואו ער האָט זיך אָנגעהויבען בעשעפטיגען הויפט־זעכליך מיט אילוסטראַציעס פאַר פערשיעדענע יודישע אויסגאַבען און לעהר־ביכער, ווי אויך מיט ליטעראַטור. שפּעטער מיט עטליכע

יאָהר איז ער אויפגענומען געוואָרען אַלס לעהרער פון מאָלען און צייכנען אין קרינסקי'ס קאָמערץ-שולע אין ווארשאָ. דיזער פּאָסטען האט געזאָלט מאכען א גאַנצע איבערקעהרעניש אין זיין טהעטיגקייט. בעקומענדיג אין שולע פּאר א פּאר שעה אַרבייט אין טאָג א גוטע געהאַלט, וועלכע האָט פאָלשטענדיג געזיכערט זיין עקזיסטענץ, האט טשאָרני גערעכענט זיך רוהיג איבערגעבען צו גרעסערע קינסט-לערישע און ליטעראַרישע אַרבייט. צום גרעסטען בעדויערן אָבער איז ער אין ניכען געפעהרליך קראַנק געוואָרען און אַלע זיינע האָפנונגען זענען צו גרונד געגאַנגען. צוויי יאָהר האָט זיך טשאָרני אָנגעליטען שרעקליכע יסורים, ביז ער איז געשטאָרבען אין בערלין אין 35 יאָהריגען עלטער.

זעהר פיעל האָבען מיר געקענט ערוואַרטען פון דעם יונגען מאָלער און שריפטשטעלער אין ביידע געביטען, ווען דער טויט וואָלט איהם נישט אַזוי פריה צוגענומען. דאָס זעהען מיר אַרויס פון זיינע געצעהלטע מייסטערווערק, וועלכע ער האָט נאָך זיך איבערגעלאָזען סיי אין דער מאַלעריי, סיי אין דער ליטעראַטור. זיינע אילוסטראַציעס זענען אמת'ע מייסטערווערק און צייכנען זיך אויס מיט וואונדערבאַרע טעכניק און קינסטלערישען געשמאַק. זיין לעצטע ווערק איז געווען די אילוסטראַציעס, מיט וועלכע ער האָט פערציהרט דעם העבּרעאישען לעהר-בוך פאַר אַנפאַנגער „שיחות טבעיות".

מען קען פעסט בעשטעטיגען דעם פאַקט, דאָס נאָך איהם איז ביי אונז נישט פערבליבען אזא ערנסטער קינסטלער-אילוסטראַטאָר. רוהיג, שטיל און בעשיידען איז דער מענש געווען און האָט גע-אַרבייט ניט בלויז צוליעב דעם האָנאָראַר, נאָר וויל ער האָט ליעב געהאַט די אַרבייט גופא. ער האָט זיך קיינמאָל ניט גערעכענט מיט זיין צייט און מיט זיין מיה - אַבי אַרויסצובעקומען די אַרבייט וואָס בעסער, שענער און ריכטיגער.

זיינע שריפטען, וועלכע מיר האָבען געזאַמעלט און גיבען

## V.

אַרויס אִין דִיעזֶען בּאַנד, צייכֿנען זִיך אויס מִיט לֶעבֶּען אוּן בּייסענדֶען הוּמאָר. דִי לֶעזֶער ווֶעלֶען אָבֶּער גֶעוויִס נִיט גלויבֶּען, דאָס דֶער פֶֿערפֿאַסֶער פֿוּן דִיעזֶע ווֶערק אִיז גֶעוועֶען פֿלֶעגמאַטִיש, לאַנגזאַם אוּן אוּנבֶּעווֶעגלִיך. זיין מֶענש אוּן זיינֶע שרִיפֿטֶען זֶענֶען אִין דִיעזֶער בֶּעצִיהוּנג צוויי קאָנטראַסטֶען. זיין הוּמאָר אִין שרייבֶּען אִיז שטֶענדִיג גֶעווֶען אַ רֶעטֶענִיש פֿאַר דִי אַלֶע, וואָס האָבֶּען גֶעקֶענט פֶּערזֶענלִיך דֶעם רוּהִיגֶען, שטִילשווייגֶענדֶען ג. טשאָרנִי.

זֶענֶען דִי קאָנטראַסטֶען אַ שפּאַס פֿוּן דֶער נאַטוּר, אָדֶער בּלויז פֿאָלגֶען פֿוּן דֶער עֶרצִיהוּנג, אִיז שווֶער פֶֿעסטצוּשטֶעלֶען. אָבֶּער עֶס אִיז גאָר קיין ספק נִישט, אַז אַ גֶעוויִסֶע ווִירקוּנג האָט גֶעקֶענט מאַכֶען אויף דֶעם פִֿיהלֶענדֶען אוּן ווייך־קִינסטלֶערִישֶען גייסט דִי אַרמוּט אוּן דִי הדר׳שֶע עֶרצִיהוּנג, ווֶעלכֶע פֶֿערטֶעמפּט אוּן שוואַכט אָב דִי יוּגֶענד קֶערפֶּערלִיך אוּן גייסטִיג. דִי אַרמוּט אוּן דִי פּראָווִינציֶעלֶע אוּמגֶעלוּמפֶּערטֶע עֶרצִיהוּנג האָבֶּען גֶעוויִס גֶעהאַט אַ גרויסֶע ווִירקוּנג אויף דֶעם לֶעבֶּען אוּן אויף דֶעם פֿרִיהצייטִיגֶען טויט פֿוּן דֶעם יוּנגֶען קִינסטלֶער. — תנצב״ה!

דִי רֶעדאַקציֶע פֿוּן פֶֿערלאַג.



# מֵאִיר׳ל.

(דאָס וואונדערבאַרע בלאַט).

---

## I.

אִין חדר בײַ ר׳ מרדכי׳ן האָט מען נאָך נִיט אָנגעצונדען קײַן פײַער. ר׳ מרדכי אִיז נאָך נִיט געקומען פון מעריב. אַרום דעם גרויסען טִיש, אָנגעוואָרפען פול ספרים און שרײַב־פּאַפּיער, זענען געזעסען אִין פִינסטער ווינקעל די חדר־קִינדער, יונגלעך פון 7 בִיז 9 יאָהר אַלט. פון דעם ווִינקעל האָט זִיך געהערט אַ פרעהלִיכער קִינדערשער שמועס, און צײַטענווײַז אויך אַ פרעהלִיכער געלעכטער: זײַ האָבען דאָרטען אָבגערעדט וועגען אַ ווִיכטִיגער זאַך און האָבען אײַנע די אַנדערע פערשוואָרען האַלטען וואָרט...

— שאַ, קִינדער, אָט געהט טאַקי מאיר׳ל! — האָט מִיט אַמאָל אויסגעשריִען הויך אַ קִינדערִיש קול׳כעל, און אַ דאַרע הענטעל האָט דערבײַ אָנגעוויזען אויף דעם פענסטער.

דִי אַלע קִינדער האָבען זִיך בעוועגט און זענען באַלד שטִיל געבלִיבען.

— געדענקט, אִיהר זאָלט נִיט לאַכען, און דו, יענקעל, זאָלסט זאָגען, אַז ער וועט פרעגען, קײנער זאָל נִיט לאַכען, — האָט מִיט אַ בעפעהלענדִיגען טאָן געזאָגט נאָך אַ קִינדעריש קול׳כעל.

— גוט! — האָבען אַלע קִינדער אִין אײן קול געענטפערט.

די טהיר דאָט זיך פּאַמעלעך געעפענט, און אויפ׳ן שוועל האָט זיך בעוויזען אַ יונגעל פון אַ יאָהר 7, אַ הויבּער, אַ דאַרער מיט טיף־איינגעגראָבענע אויגען, מיט אַ מאַטעוועו, בלייבּען געזיכט — אויף וויפיעל מען האָט געקענט בעמערקען אין דעם פינסטערען צימער.

— אָט איז מאיר׳ל געקומען, מאיר׳ל איז געקומען! האָבען אַלע קינדער אויסגעזונגען מיט אַ זעלטענער שמחה און האָבען זיך לאָז אַז געטהון צו דער טהיר און האָבען איהם ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען.

— מאיר׳ל, מאיר׳ל! — זינגען און טאַנצען אַרום איהם די קינדער — פאַר וואָס ביזטו היינט ניט געקומען נאָך וואַרימעס אין חדר? דער רבי האָט טאַקי אונז געוויזען אַזעלעכע שע־ע צאַצקעס אין חומש, אָהה! ער האָט געשפּאַלטען טאַקי אַ בלאַט פון חומש אויף צוויי בלעטער און אינעווענינג איז — אַי, וואָס׳רע אויסגעמאָלטע צאַצקעס מיט בילדער, וואָסערע שענע, וואָס׳רע וואונדערליכע אַי, דו האָסט געדאַרפט זעהן!...

— וואָסערע צאַצקעס, וואָסערע! — האָט אונטערגעהאַכט נאָך איין יונגעל, אָננעהמענדיג מאיר׳לס מאַנטעל פאַר דעם איבערשטען קנעפּעל. — ווייסט וואו! אין חומש, אין מיטען אַ בלאַט, אַ פּ־אָסטען בלאַט, וואָסערע שענע צאַצקעס, אַי, אַי, טאַקי בעסע־ ווי דו מאָלסט: דאָרטען זענען טאַקי אויסגעמאָלט אמת׳ע מענשען מיט אמת׳ע אויגען, און די בערד זענען טאַקי, ווי ביי לעבעדיגע מענשען מיט האָר, טאַקי ניט ווי דו מאָלסט, מאַלסטו אַ שוואַרצע קעסטעלע און זאָגסט, אַז דאָס איז אַ באָרד; דאָרטען איז ווי אויף אַנ׳אמת׳ן אויסגעמאָלט די אַלע מעשיות ווי...

— ווי קין הרג׳עט הבל׳ען! — שלאָגט איהם איבער איין אַנ־דער יונגעל, פאַטשענדיג פרעהליך מיט די הענטלעך.

— ווי נח געהט אַרויס פון זיין קאַסטען, ווי עס געהט דער מבול, ווי...

— ווי אַברהם קוילעט יצחק׳ן — לאָזט אויס דאָס ערשטע יונגעל.

– אַליגען! דאָס האָבען מיר נאָך ניט געלערענט – לייקענט דאָס צווייטע יונגעל.

– איך האָב אָבער פאָרט געזעהען, ווי אַברהם קוילעט יצחק'ן. דו האָסט ניט געזעהען, האַ!

– אַנ'אמת, אַנ'אמת! ווי אַברהם קוילעט יצחק'ן, – חאַפּען אונ־טער פיעל קינדערשע קול'כלעך, און עס הערט זיך זייער פרעהליכער שופען מיט די פיסלעך אָן פאָדלאָגע.

מאיר'ל איז נאָך אַלין געשטאַנען אין דער זעלביגער פּאָזע, וועלכע ער האָט צוגענומען ביים אַריינגאַנג, ווען די אַלע קינדער האָבען איהם אַרומגערינגעלט. זיין אויסדרוק פון געזיכט האָט מען ניט גוט געקענט בעמערקען צוליעב דער פינסטערקייט, נאָר זיין גאַנצע פיגור, וועלכע האָט זיך שאַרף אויסגעצייכענט אויף דעם ליכטיגען פענסטער, האָט אויסגעדריקט פערוואונדערונג און עפּעס אַ פראַגע. אין דעם ביינג פון זיין קאָפּ און אין דעם אָבהענגען פון זיינע הענד האָט זיך געפיהלט אַ זעלטענע אומפערשטענדליכע פראַגע, ער האָט פאַמעלעך, ווי פערטראַכט אָבגעשפּילעט די קנע־פלעך פון זיין פוטער'ל און מיט אַ נידריגען, ניט קיין זיכערען קול האָט ער געזאָגט:

– איך ווייס, איהר ווילט מיך אָבנאַרען.

אַ קינדערשער גליקליכער געלעכטער האָט זיך אַוועקגעקוי־קעלט איבער'ן שטוב, אָבקלינגענדיג זיך אָן די ווענט, אַלס ענט־פער אויף מאיר'לס ווערטער.

– אָט פרעג זיך האָטש ביי יענקלען! – האָבען צוזאַמען גע־זאָגט אַלע קינדער מיט אַ טאָן, אין וועלכען עס האָט זיך געהערט אַ פערשטיקטער פערדרוס אויף מאיר'לען, וואָס ער קען נאָך ניט גלויבען.

– אַנ'אמת, מאיר'ל, האָט זיך מיט אַ ערנסטען געזיכט באַלד אָנגערופען איין יונגעל און איז ניט גאָר זיכער צוגעגאַנגען צו מאיר'לען.

– שווער זיך! – דאָט מאיר׳ל געזאָגט מיט פערדרוס אין זיין קול.

– איך שווער זיך מיט מיין חלק לעולם־הבא, אז...

– אז וואָס?

– אז איך, אז איך... ער האָט זיך אָבגעהאַקט, קענטיג ניט האָבענדיג אין זיך אַזוי פיעל שטייפקייט, צו שווערען אויף פאַלש.

– אז דער רבי האָט אונז געוויזען שענע צאַצקעס אין חומש... זענען געקומען תיכף צו הילף דעם יונגעל אַלע קינדער (זיי האָבען געגלויבט, אַז זיי מעגען ד״ס זאָגען, ווייל זיי האָבען דאָך ניט געשוואָרען..).

די טהיר האָט זיך אויף העלפט אויפגעעפענט. א שמאָלער פאַס ליכט פון דעם צווייטען צימער האָט זיך אַריינגעריסען דורך די האַלב־אָפענע טהיר אין חדר, האָט אין דער הויך בעלויכטען דעם אויווען און האָט זיך אויך אָבגעשלאָגען אויף די קינדער, האָט זיי שוואַך בעלויכטען און איז פערפאַלען געוואָרען הינטער דער פּלייצע פון לעצטען יונגעל. פאַר דעם שוואַכען שיין האָט מען דאָך גע־קענט בעמערקען אויף מאיר׳לס געזיכט אַ טיפע פערצווייפלונג; אין די אויגען האָבען געבלישצעט טרעהרען פון טיפען פערדרוס. דורך די טהיר האָט זיך דורכגעשפּאַרט איין יונגעל, וועלכער איז צו מנחה אויך אַוועק דאַוונען; איינינגע קינדער האָבען איהם באַלד אָבגערופען אָן אַ זייט און האָבען איהם וואָס אָנגעשושקעט אין אויער. אַ קאָפּ פון א מיטעלער פרוי האָט זיך אויך גלייך נאָכ׳ן יונגעל׳ס אַריינגאַנג אַריינגערוקט אין טהיר, האָט אַ קוק געטהון אויף רעכטס, אויף לינקס, האָט אַ געשריי געטהון: שלמה! און האָט זיך גלייך בעהאַלטען אין דער טהיר, פערמאַכענדיג זי נאָך זיך. אַ געדיכטער שוואַרצער פאַס שאָטען האָט זיך גיך אַראָבגעלאָזען איבער דעם אויבען, איז איבערגעלאָפען אויף די קינדער און האָט זיי איינגעשלונגען אין גאַנצען.

אין צימער איז געוואָרען פינסטערער, ווי פריהער,

— וועלכען בלאַט האָט דאָס דער רבי געשפּאָלטען? — הערט זיך גלייך מאיר'לס שטימע מיט טרעהרען.

— אין זיין חומש — האָבען איהם די קינדער געענטפערט. ער האָט גענומען אַ בלאַט פון זיין אייגענעם חומש, האָט אַ בלאָז געטהון אין אַ ברעג און האָט עס פונאַנדער גענומען אויף צוויי'ען, און אינעווייניג איז אויסגעמאָלט געווען אַזעלכע שענע צאַצקעס, אַי, דו האָסט ניט געזעהען!

— ס'איז אַ ליגען! האָט מאיר'ל מיט טרעהרען געזאָגט. — איהר ווילט מיך אָבנאַרען.

— חאַ, חאַ, חאַ! — האָט זיך אַלץ ווייטער פערקייקעלט אַ קינדערשער געזונטער געלעכטער, וועלכער האָט אויף דעם מאָל געזאָגט מאיר'לען מעהר, ווי אַלע פריהערדיגע זייערע שבועות.

— וואָס איז דאָרטען נאָך געווען אויסגעמאָלט?

— וואָס איז דאָרטען געווען אויסגעמאָלט?! — אַלעס איז דאָרטען געווען אויסגעמאָלט: ווי גאָט בעשאַפט אָדמ'ן מיט הוה'ן, ווי קין הרג'עט הבל'ען, דער מבול, נח'ס קאַסטען, אַלעס, אַלעס, פון אַלע מעשיות פון חומש, — האָבען אָנגעהויבען די קינדער צו צעהלען אַזוי פרעהליך, אַזוי ערענסט, אַז מאיר'ל האָט ניט געקענט ניט גלויבען.

— און ווי גאָט צושפּרייט אָט די, וואָס האָבען געוואָלט בויען דעם טורעם, אָה! — האָט אויסגעלאָזט נאָך איין שטימע, ווען די איבעריגע שטימען זענען שטיל געוואָרען.

— און ווי גאָט נעמט צו חנוכ'ן אויפ'ן הימעל אויך? פרעגט שטיל מאיר'ל.

— אודאי! ווי די מלאָכים טראָגען הנוכ'ן אויפ'ן הימעל, ווי מען בויט דעם טורעם, — אַ סך, אַ סך צאַצקעס.

— ווער האָט דאָס אויסגעמאָלט? —

די פראַגע איז געווען אונערוואַרטעט, און די קינדער, ניט זענענדיג געגרייט אויף איהר, האָבען צומישט געשוויגען.

— דער רבי האָט אויסגעמאָלט — האָט זיך אין דער שטילקייט אַרויסגעריסען, ווי ניט וואָלענדיג איין שטימע.

— ניט דער רבי, דער רבי האָט דאָס ניט געקענט אויסמאָלען אַזוי? — האָבען גלייך אַנדערע צוויי שטימען איבערגעשלאָגען, פיהלענדיג, אַז דאָס איז עפּעס אונמעגליך.

די קינדער מוזען זיך צום סוף מודה זיין, אַז זיי ווייסען אַליין ניט, ווער דאָט דאָס אויסגעמאָלט.

— אויף וועלכ'ן בלאַט? — פרעגט אַלין מאיר'ל מיט אַזא שטימע, וועלכע גערט באַלד איבער אין אַ געוויין.

— אויף דעם בלאַט, וואָס הויבט זיך אָן: „הָרוֹמֵשׂ עַל הָאָרֶץ".

— ניין „לְמִינֵהוּ" — פערריכט אַ צווייטער.

— אָט דו ווייסט טאַקי אַ סך!

— הָרוֹמֵשׂ עַל הָאָרֶץ — זינגט מיט אַ כאָר די גאַנצע גרופּע קינדער, פערשרייענדיג די איין שטימע, וואָס לייקענט.

די קינדער האָבען אַ פּנים אַליין ביסלעכווייז זיך אָנגעלעקטדיזירט מיט זייער ערצעהלונג איף אַזוי פיעל, דאָס זיי אַליין האָבען שיעור ניט פערגעסען, אַז דאָס איז אין גאַנצען זייער אייגענע פאַנטאַזיע, און האָבען געגלויבט אין זייערע ווערטער. אין זייערע קול'כלעך האָט זיך ניט געהערט איין ביסעל איראָניע און זענען געוועןאַזוי ערענסט, אַזוי ריין, אַזוי ווייט פון ליגען. איבערהויפּט האָבען זיי דאָס אַלעס דערצעהלט מיט אַזאַ זיכערקייט, — דאָס ניט נאָר מאיר'ל, נאָר אַפילו אַ גרויסער מענש וואָלט ניט געקענט צווייפלען אין דער ריכטיגקייט פון זייערע ווערטער.

אַלע זענען שטיל געבליבען, נאָר נאָך אַ פּאָר מינוט שלאָגט איבער די שטילקייט מאיר'לס ציטערדיגע שטימע:

— און די „נְפִלִים" האָט איהר איך געזעהען?

— אי, וואָס פאַר אַ שרעקליכע, וואָס פאַר אַ גרויסע, ביז'ן הימעל!

— איך האָב זיך דערשראָקען, יוען איך האָב זיי דערזעהען, —

האָט געזאָגט איין יונגעל און אין דער פֿינסטער האָט זיך געהערט, ווי ער האָט זיך אַטרייסעל געגעבען דעם מיט גאַנצען קערפּער, ווייזענדיג מיט דעם, ווי ער האָט זיך דערשראָקען.

— איך א'ך, איך אויך, — האָבען כמעט אַלע קינדער אונ־טערגעכאַפּט אין איין קול.

— און איך ניט! — האָט זיך אַרויסגערופען איין יונגעל מיט שטאָלץ, האָבענדיג נאָך איין איבעריגען צופֿאַל אַרויסצווייזען זיין גבורה.

אַ שרעקליכער טומעל וועגט אין שטוב; יעדער יונגעל איילט אויסשרייען, אַז ער האָט זיך אויך ניט דערשראָקען.

עס איז אַריין ר' מרדכי. די קינדער זענען גלייך שטיל גע־וואָרען און אין דער פֿינסטער האָט זיך געהערט, ווי זיי האָבען זיך צושפּרייט איבער'ן שטוב, בעווייזענדיג זיך אַלס שאָטענס, ווען זיי זענען פֿאַרביי געגאַנגען פֿאַרביי דעם פֿענסטער, וואָס איז געווען שוואַך בעלייכטען פֿון דער לבנה. דער רבי האָט פֿון זיך אַראָבגע־וואָרפֿען זיין אַלטען פּוטער'ל און האָט איהם אויפֿגעהאָנגען אין ווינקעל פֿון פֿענסטער. ניט געפֿינענדיג גלייך דעם צוועק, אויף וועלכען ער פֿלעגט שטענדיג איהם אויפֿהענגען, אנטקעגען פֿענס־טער, האָט זיך אויסגעפֿאָרמירט זיין ברייט געזיכט מיט דעם ברייטען היטעל און מיט די צוויי דיקע פּאות'ן, וואָס האָבען איצט אויסגע־זעהען, ווי צוויי צוגעוואַקסענע קולאַקעס צום היטעל, וואָס האָבען אָבער צוגעגעבען זיין געזיכט גבורה און ענערגיע. ער האָט גע־פֿרעגט, צי דאָס היים געבראַכט זיין טייל קעראָסען, אויף וואָס אַ קינדער'שע שטימע האָט שנאַ'ין געענטפֿערט: „יאָ, רבי". ר' מרדכי איז צוגעגאַנגען צום טיש.

— נאָכ'ן לערנען וועל איך דיר נאָך מעהר דערצעהלען, — האָט דערווייל דער אויסטראַכטער פֿון דער גאַנצער געשיכטע אָנ־געשושקעט מאיר'לען אין אויער.

— געדענק־זשע!

— זײַ זיכער, נאָר דו זאָלסט מיר דערפֿאַר אויסמאָלען אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס, ווי געלטען שלמה׳ן אויף זײַן חומש.

מאיר׳ל האָט אויסגעטהון זײַן פֿוטער׳ל און האָט אין דער פֿינסטער איהם אַ וואָרף געטהון אויף אַ בעט, וואו עס זענען שוין געלעגען נאָך אַזעלכע פֿוטער׳לעך, עס האָט מיט אַמאָל אַ ציטערקע געטרון אַ שוועבעלע אין ווינקעל בײַ׳ם טיש, און רויטע, לאַנגע, שוואַכע שטראַהלען ענען פֿונאַנדער געלאָפען איבער׳ן שטוב, ציטערענדיג און אָבשלאָגענדיג זיך אָן די שטוביגע הפּצים און אָן די ווענט, בעלויכטענדיג אויך די גרויסע קינדער, וועלכע, ווי פֿון דער ערד, זענען דאָ אויסגעוואַקסען נעבען טיש מיט אויסגעשטרעקטע אויגען אויף דעם רבי׳ן.

## II.

מאיר׳ל איז געזעסען בײַם טיש און האָט ניט אַראָבגענומען די אויגען פֿון רבי׳ן, זוכענדיג עפּעס אויף זײַן געזיכט דאָס, וואָס ד׳ קינדער האָבען איהם דערצעהלט; וואָס מעהר ער האָט געקוקט אויף דעם רבי׳נ׳ס ברייטע, גרויע באָרד, אויף די דיקע ברייטע פּאות׳ן, אויף די ווײַסע געדיכטע, לאַנגע ברעמען, וואָס האָבען פֿערדעקט כמעט די גאַנצע אויגען בײַם רבי׳ן, אויף די שפּיציגע יאַרמאָלקע, וועלכע איז געווען פֿערקאָסערט ביז׳ן האַלבען קאָפּ — דאָס מעהר איז בײַ איהם געוואָרען זיכערער, אַז דער רבי האָט אין דער אמת׳ען געשפּאָלטען דאָס בלאַט. דער זעלטענער פֿאַקט, וואָס דער רבי האָט געשפּאָלטען אַ בלאַט, אַ פּראָסטען באַלט, וואָס ער זעהט איהם יערען טאָג, און געפֿונען אין איהם אויסגעמאָלטע בילדער האָט איהם אַרײַנגעפֿיהרט אין איין אַנדער וועלט, אַ וועלט פֿון וואונדער, פֿון נסים, פֿון הײליגע, פֿון מלאָכים... ער האָט געגלויבט, אַז צו וויסען פֿון די בילדער דאַרף מען זײַן אַזאַ פֿרומער ייד, אַזוי פֿיעל קענען לערנען, ווי דער רבי... אַז דער רבי האָט דאָס אויסגעמאָלט, איז איהם עפּעס ניט געקראָכען אין קאָפּ, ער

האָט געגלויבט גיכער, אַז די חומשים ווערן בעשאַפֿן מיט אַזעלכע בלעטער מיט בילדער, וואָס שפּאַלטען זיי קען מעהר ניט ווי איין אַלטער פֿרומער רבי... ער האָט געקוקט צוטראַגען אויף דעם רבי'ן, זוי ער וואָלט עפּעס געוואַרט, אַז אָט־אָט וועט דער רבי וויזען די בילדער. צו יעדער בעוועגונג, וואָס דער רבי האָט געמאַכט, ווען ער האָט געוואָלט צרויסנעהמען די לולקע, ווען ער האָט געוואָלט אַ הוסט טהון, אויסרייניגען די נאָז — האָט מאיר אַ טרייסעל זיך גע־טהון פֿון געדאַנק, אַז דער רבי וויל שפּאַלטען דאָס בלאַט און וויזען ווייטער די בילדער.

ער האָט ניט בעמערקט, ווי עס איז אַריבערגעגאַנגען באַלד איין הַלבער אָבענד. אין אויער האָבען איהם געקלונגען די קינ־דערשע קול'כלעך, וועלכע האָבען געזונגען עפּעס מאָדנע ווערטער, דעם רבי'ס הייזעריגע שטימע, נאָר צוליעב וואָס זינגען זיי דאָס? וואָס זינגען זיי? האָט ער ניט געוואוסט און האָט ניט געקענט וויסען; ער האָט אין דער צייט גאָר געהערט, ווי דעם שלאַנג'ס קול רעדט אָן חוה'ן... ווי האָט אויסגעזעהן דאַן די שלאַנג נאָך מיט פֿיס? — ווילט זיך איהם וויסען. ער הערט, ווי צוזאַמען מיט די קינדערשע קול'כלעך קייקעלט זיך אויך גאָטס קול „לְרוּחַ הַיּוֹם" איבער'ן גן־עדן און פֿרעגט אָדמ'ען: אַיֶּכָּה? ער דערמאַנט זיך ביי דעם, וואָס דער רבי האָט איהם געזאָגט, אַז ביי גאָט איז ניט שייך דאָס וואָרט „איכה", ווייל גאָט וויים פֿון אַלעם, נאָר ער האָט דאָס געמוזט אָבנאַרען אָדמ'ען. ער פֿרעהט זיך זעהר פֿון גאָט'ס המצאה... ווער איז דאָס גאָט? — פֿאַלט איהם פּלוצלונג אַריין אין קאָפּ. און ער דערזעהט גלייך אַ גרויסען בלויען שטיק פֿייער, גלייך ווי דאָס פֿייער, וואָס ווערט, ווען שפּירט ברענט. דאָס פֿייער'ל דרעהט זיך צווישען די בוימער פֿון גן־עדן... אָט דאָס איז גאָט, אָבער מיט וואָס רעדט גאָט, ווי רעדט עס גאָט? מיט וואָס קוקט ער? — לאָזט איהם ניט רוהען דער געדאַנק, ניין! גאָט איז דאָך גאָט... פֿערענטפֿערט ער זיך אַליין און ער פֿערשטעהט שוין, וואָס

איז גאָט, אַז ער דאַרף ניט האָבען קיין מויל, קיין אויגען... ער ווערט רוהיג אויף דעם און דערזעהט באַלד ווייטער אַ שרעקליכען, גרויסען שווערד פון פייער, וועלכער קעהרט זיך אום יעדע רגע פון איין זייט אויף די אנדערע און בלישצעט קענען דער זון שרעקליך העל, אַז ער שצורעט צו ניט ווילענדיג אין געדאַנק די אויגען, „הֶרֶב הַמִתְהַפֶּכֶת״ – קלערט ער אויף לשון־קדש. באַלד צומישט זיך דאָס אַלעס צוזאַמען: דעם רבי׳ס קול, דאָס זאָגען פון די חברים, דאָס וויינען פון דער בעל־בית׳טעס מוזינעק, די פליג, וואָס דרעדט זיך אַליין ארום לאָמפּ, און ער אַליין ווייס ניט, ווענען וואָס ער קלערט און וואו ער געפינט זיך... ער גיט זיך פלוצלונג אַ טרייסעל: ער דערהערט אויסשרייענדיג זיין נאָמען.

– נו איצטער, מאיר, חיים, לייבקע, זאָגט איהר! – זאָגט דער רבי נאָלעם, אַז פיער קינדער האָבען אויסגעלאָזען מיט אַ געזאַנג „כל הארץ פון פרשה נח.

– אלה תולדות שם!. נו זאָגט – הויבט אָן דער רבי, נאָך איהם לייבקע חיים, מיט זייערע פנים׳ליך, מאיר צוטראָגען – זינגען נאָך.

מאיר האָט זיך אָנגעשפּאַרט איבער׳ן חומש און האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך חיים׳ען מיט לייבקען און האָט ניט געהערט און ניט געוואוסט, וואָס ער רעדט. ער האָט נאָר געהערט, ווי פון חלום, ווי יעדע רגע שרייט ער אוים אַליין גלייך מיט די צוויי חברים „ויולד בנים ובנות״...

דער רבי האָט ניט בעמערקט, ווי מאיר גנב׳ט, ווי ער פלעגט אָנרופען אַזאַ לערנען, ווייל ער איז געווען דאַן גראַדע פערנומען מיט זיין אמת׳ער פרייסישער לולקע, וועלכע האָט זיך עפּעס לאַנג ניט געלאָזט פעררויכערען.

מאיר האָט זיך מיט אַמאָל טיפער אָנגעלעגט אויפ׳ן חומש, מיט דעם געדאַנק זיך אַריינגטהון אין לערנען, נאָר, ניט ווילענדיג, איז באַלד זיין קוק פערביינגאַנגען די ווערטער און האָט זיך

אָבגעשטעלט אויף א קליינע אויסגעבראָכענע גריבעלע פון טיש באלד הינטער'ן חומש, און אין זיין מח קריכען עפּעס אַליין, ווי ניט קיין געבעטענע געסט, אַט די אַלע בילדער, וואָס די קינדער האָבען איהם דערצעהלט; ער זעהט זיי אָבער איצט ניט אַזוי קלאָר ווי פריהער, ווייל זיין זינגען צוזאַמען מיט חיים'ען, מיט וועלכען ער זיצט אויף איין חומש, לאָזט איהם זיך ניט איבערגעבען זיין פאַנטאַזיע. די בילדער געהען אַרוים ביי איהם ווי דורך א נעפּ־ דיכטען טומאַן און לאָזען זיך ניט ענדיגען; איינס חאַפּט זיך אַריין אין דעם אַנדערען און, אָדער זיי מישען זיך אויף, אָדער זיי ווע־ רען נאָר פערשוואונדען, ניט דעם מבול, ניט נח'ס קאַסטען, ניט עוג מלך הבשן גילט איהם צו זעהן. ווען ער וויל זעהן עוג מלך הבשן, רוקט זיך איהם אַריין גראַדע יענקעלס קאָפּ, וואָס זיצט איהם אַנטקעגען און שאָקעלט זיך איבער'ן חומש, אָדער ווען ער וויל איהם פאָרשטעלען העלפט אין וואַסער, ווען ער געהט נאָך נאָך נח'ס קאַסטען און וויל איהם זעהן אַ הויכען, א גרויסען ביז'ן הוי־ מעל – לויפט דורך דורכ'ן קאָפּ גאָר טאַכאַס דער גוי, וואָס חאַפּט פיש... פון דעם גאַנצען עוג מלך הבשן גילט איהם נאָר צו זעהען אַ פּאָר גרויסע, שרעקליך גרויסע פיאַטעס פון דעם עוג'ן, וועלכען ער וויל זעהן מיט א בארג אויפ'ן קאָפּ.

מאיר'ל זינגט און שלעפּט זיך נאָך נאָך זיין חבר, אָבער וואָס ווייטער הערט ער אַלץ ווענינער די ווערטער, וועלכע ער זאָגט נאָך, און דאַן גילט איהם צו זעהן אַ גאַנצעס בילד, אויף וועלכען ער בלייבט לאַנג שטעהן: פון ווייטען זעהט ער אַ בארג, אויפ'ן בארג זעהט זיך עפּעס אַ שוואַרצס. דאָס איז דער קאַסטען נח'ס. אונטען איז בלאָטע, נאַס: פון בארג געהען געלאַסען פּאָרווייז: אייזלען קליינע פערדלעך, פערד, חנה־דבשה'ס בהמה מיט עפּעס אַ אָקס, הינטען אַ קעלבעלע, שפּרינגעס ציגע מיט משה־אַבעס באָק מיט זיין לאַנגער באָרד, מיט די גרויסע הערנער, געגז, קאַטשקעס, לויּ־ פען מיט פערדרעהטע קעפּ אָן אַ זייט, ווי ער האָט געזעהן אויסגעמאָלט

אויף זײַן „פּאָהן״ שמחת-תורה, ער זעהט עפּעס נאָך חיות, וועלכע ער האָט געזעהן ערגיץ וואו אויסגעמאָלט אין בילדער: הינטען געהט אַ הויכער ייד מיט אַ ברייטער ווייסער באָרד, מיט לאַנגע פּאות, נאָך לענגער ווי ביים רבי׳ן, מיט אַ סאַמעטענעם היטעל, אין אַ לאַנגער שבת׳דיגער קאַפּאָטע: דאָס איז... „אָבִי מַלְכָּה וַאֲבִי יִסְכָּה״ – שרייט ער אויס – „ניין! דאָס איז גאָר נח מיט די חיות, מיט די קינדער..

– מאיר! – הערט ער פּלוצלונג דעם רבי׳ס שטימע, וועלכע שרייט אויס זיין נאָמען מיט אַ ניגון פון אַזלאָ-גירש. ער גיט אַ ציטער און שטעלט אויס אַ פּאָר זעלטען פערוואונדערטע, איבער-געשראָקענע אויגען אויפ׳ן רבי׳ן, ווי ער וואָלט געפרעגט איהם, וואָס איז דאָ?...

– מאיר, וואו האַלט מען? שווייגט! – גיט זיך דער רבי אַ קעהר צו די איבעריגע קינדער, – זאָג, וואו האַלט מען?

מאיר׳ל, אַ בלייכער פון שרעק קוקט נאָך אַלץ אויף דעם רבי׳ן פון וועלכעם, דוכט זיך איהם איצט, אַז עס איז אַ ליגען: דער רבי האָט דאָס ניט געקענט ווייזען די בילדער... „אבי מלכה ואבי יסכה״ – קלינגען נאָך ביי איהם אין די אויערען די לעצטע ווער-טער, וואָס ער האָט אויסגעשריען, און ניט ווילענדיג, רייסען זיך ביי איהם אַרויס אָט די ווערטער:

– „אבי מלכה ואבי יסכה״ האַלט מען.

– אַי, לערענסטו, מאיר! דיין קאָפּ איז איצטער אין שוואַרץ יאָהרען ערגעץ, – שאָקעלט דער רבי מיט׳ן קאָפּ. – נו, זאָגט ווייטער – ווענדעט ער זיך שוין צו אַלע דרייען.

– ער האָט זיך שוין פערטראַכט, – שושקעט איין שטילער-הייט איין יינגעל דעם אַנדערען, קוקענדיג מיט גנבה אויף מאיר׳לען.

מאיר׳ל גיט זיך האַסטיג אַ חאַפּ צום חומש, זוכט מיט די אויגען די ווערטער, וועלכע ער האָט אַליין געזאָגט דעם רבי פאַר אַ סימן, אַז ער ווייס, וואו מען האַלט, און הויבט אָן גלייך מיט

לייבקען, חיים׳ען צו זינגען, מאַטערענדיג זיך ניט קלערען מעהר וועגען נח׳ן מיט׳ן מבול און בעסער לערנען, נאָר באַלד אָבער דער־זעהט ער, ניט ווילענדיג, די „נפילים״, דעם גרויסען טורעם, און ער ווייס ווייטער ניט, וואָס ער זינגט.

„וַיָּמָת תֶּרַח בְּחָרָן״ – לאָזען אויס די קינדער און האַקען זיך אָב.

„בחרן״ לאָזט אויך מאיר׳ל אויס ניט מיט אַ ניגון פון סוף־פסוק, נאָר מיט אַ ניגון, וואָס נאָך איהם דאַרף מען זאָגען ווייטער.

דער רבי גיט אַ קוק אויף מאיר׳לען קרום און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, ווי ער וואָלט זאָגען: אַי, מאיר, דו גנב׳עסט!

– וויפיעל איז אַ זייגער? – פרעגט דער רבי די קינדער.

– האַלב 9 – ענטפערען מיט שמחה אַלע קינדער, אויסער מאיר׳לען.

– אַביסעל נאָך צו פריה – זאָגט דער רבי מיט פערדרוס און ניט גלויבענדיג די קינדער, מאַכט ער מיט׳ן קולאַק אַ ביידעלע איבער די אויגען, קוקט אויף דעם זייגער, וואָס הענגט אויף דער ענטקעגענדיגער וואַנד: נו, מילא געהט אַהיים,

ער מאַכט צו געלאַסען זיין חומש.

אַ גליקליכער אויסדרוק לויפט אַריבער די קינדערשע גע־זיכטלעך: זיי מאַכען צו אויף גיך זייערע חומשים און הויבען זיך אויף פרעהליך פון די ערטער און לויפען גלייך צום בעט, וואו עס ליגען זייערע בגדים. מאיר אָבער זיצט נאָך אויף זיין אָרט: ער קוקט אויף דעם רבי׳ן און אויף זיין חומש: איהם האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז דער רבי וועט באַלד ווייזען די זעלטענע בילדער פון חומש.

דער רבי אָבער טהוט אָן זיין היטעל, לעגט אַוועק זיין חומש אויף דעם ווינקעל פאָליצקע, לאָזט אַראָב דעם פייער קלענער און געהט אָב פון טיש. מאיר׳ל בעגלייט מיט פערצווייפלונג דעם רבי׳ן ביז׳ן ווינקעל און וואַרפט נאָכהער זיין בליק אויף דעם חומש. איהם פאַלט איין אַ גליקליכער געדאַנק: ער וועט אָבוואַרטען ביז אַלע

זועלען אַוועקגעהן פֿון חדר, דאַן וועט ער נעהמען דעם רבי׳ס חומש און וועט אַליין פּרובען שפּאַלטען דאָס בלאַט. דער רבי אָבער געהט צו צום טיש, פֿערלעשט אין גאַנצען די לאָמפּ און פֿרעגט מאיר׳לען, פֿאַר וואָס געהט ער זיך ניט אָנטהון.

אין שטוב ווערט פֿינסטער; נעבען בעט הערט זיך אַ פֿרעהליכער שמועס פֿון די קינדער: זיי לאַכען, זיי דערצעהלען. איין יינגעל צינדט אָן זיין לאַמטערנע. אַ רויטע שלאַפֿע שיין בעלעבט פֿאַנטאַסטיש די געדיכטע גרופּע קינדער און וואַרפֿט הינטער זיי לאַנגע שוואַרצע שאָטענס.

— מאיר! וואו איז מאיר? — פֿרעגען איינינגע קינדער נעבען בעט.

מאיר׳ל חאַפּט זיך אויף, ווי עפּעס פֿון שלאָף; לויפֿט צו צו די קינדער און טהוט אָן זיין פֿוטער׳ל.

— דו ביסט אַנשלאָפֿען געוואָרען, מאיר, האַ? — לאַכען די קינדער פֿון איהם.

— ניין! ער האָט זיך פֿערקלערט — ענטפֿערען אַנדערע קינדער מיט איין איראָניע.

— וואַיז, אָנצינדען מיין לאַמטערנע! — ענטפֿערט אויף דעם מאיר.

אַלע קינדער מיט די לאַמטערנעס אין די הענד וואַרפֿען זיך אַרויס מיט אַ געלעכטער דורך די טיהר, שטיפֿענדיג איינע מיט די אַנדערע פֿרעהליך, מיט אַ גליקליכען פּישצעריי.

„מאיר! דו וועסט געהן מיט מיר" — הערט זיך אין פּירהויז אַ פֿרעהליכע שטימע פֿון דעמזעלביגען יינגעל, וואָס האָט צוגעזאָגט מאיר׳לען דערצעהלען „נאָך בעסער".

„קום, נו"! — הערט זיך שוואַך מאיר׳לס קול.

אויף דרויסען פֿאַרביי פֿענסטער הערט זיך נאָך איין קינדער־שער קול, ווענדענדיג זיך צו מאיר׳לן: האַ, מאיר, דו האָסט מיר

ניט געוואָלט אויסמאָלען אַ סאָלדאַט, דערפאַר וועל איך דיר ניט דערצעהלען טאַקי. איך וויים בעסער, ווי דיין חיים!

„אַ ליגען" — הערט זיך חיים׳ס שטימע שוין ווייטער פון שטוב און ווערט באַלד אין גאַנצען פערשוואונדען אין גאַס.

## III.

ביי מאיר׳לען אין דער היים שלאָפען שוין זיינע ברידער, שוועסטער. אין שטוב איז שטיל, פון קאַמער נאָר הערט זיך איין קינדער׳שעם רוהיגעם חראַפּען; די מאַמע זיינע איז אין קיך. מאיר זיצט ביי׳ם טיש, וועלכער איז בעלויכטען פון אַ שטעהלאָמפּ, איבער איין גרויסען אויפגעעפענטען חומש מיט גרינע גראָבע בלעטער עהנליך צום רבי׳ם חומש. איין בלאַט האַלט ער אין האַנד און דאָ בלאָזט ער עס שטאַרק אין איין ברעג אין דעם צווייטען, דאָ פּרובט ער דעם ברעג מיט נעגעל פונאַנדערנעהמען, דאָ שטעלט ער איהם אַנטקעגען פייער, עס זאָל זיך דורכלייכטען, נאָר מעהר ווי אויפגעגאָסענע אותיות פון ביידע זייטען זעהט ער ניט. ער פּרובט מיט אַ מעסער שניידען אין ברעג בלאַט, עס זאָל זיך פונאַנדערטיילען אויף צווייען. דאָס גיט זיך איהם ניט איין, ער רייסט נאָר אָב אַ שטיקעל בלאַט ביי׳ם ברעג; ער בלאָזט ווייטער, רייסט נערוועז מיט די נעגעל, נאָר דאָס אַלץ ברענגט צו איין רעזולטאַט — ער רייסט אָב שטיקער בלעטער. ער קראַצט פון פערדרוס דעם קאָפּ, בייסט די נעגעל און שאַרט אָב דעם חומש פון זיך מיט פערצווייפלונג. ער זיצט אַ פּאָר מינוט אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענד איבער׳ן שטערען מיט אָפענע קיילעכדיגע אויגען, וואָס קוקען אָהן געדאַנקען אויפ׳ן וואַנד מיט אַמאָל גיט ער זיך אַ חאַפּ, געהט דאָס בלאַט ווייטער בלאָזען, שציפּען מיט די נעגעל. אַ גליקליכער שמייכעל לויפט איבער זיין געזיכט׳ל, די הענדלעך טרייסלען זיך: איהם דאַכט זיך, אַז דאָס בלאַט הויבט זיך אָן פונאַנדערנעהמען, נאָר אין דער גליקליכער רגע הערט ער פּלוצלונג דער מאַמעס שטימע

הינטער׳ן פלייצע. אַ קעלט לויפט איהם דורך דורכ׳ן קערפּער און ער גיט זיך אַ טרייסעל.

– וואָס טהוסט דו, מיין זוהן? וואָס רייסט דו די בלעטער פון חומש? איך קוק, ווי קומט דאָס צו איהם, ער זאָל אַליין נערמען אַ חומש אין האַנד, איך האָב געמיינט, אַז ער, אַ קשיה אויף אַ מעשה, וויל לערנען, ערשט נאַ דיר! ער האָט קיין אַנדער שפּילכעלע ניט געפונען, ווי מיט׳ן חומש זיך שפּילען. גייה, מיין קינד, גייה שוין שלאָפען, גייה! וועטעשרע האָסט דו שוין גע־געסען? מיט די ווערטער האָט זי צוגענומען ביי איהם דעם חומש אַוועקשטעלען צוריק אין אַלמער.

מאיר׳ל האָט ניט געענטפערט, ער האָט נאָר מיט טרעהרען די אין אויגען אַזוי פערצווייפעלט אַ קוק געטהון אויף די מאַמען, אַז זי האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען איהם מיט׳ן חומש און האָט אויף איהם מיט וואונדער געקוקט.

אויף וואָס האָסטו גענומען דעם חומש? – האָט זי איהם גע־פרעגט, ניט אַראָבנעהמענדיג די אויגען פון איהם.

– איך האָב געוואָלט... געוואָלט אַ קוק טהון די צאַצקעס – האָט ער שטיל, פערשעמט געזאָגט, קוקענדיג אויף די וואַנד.

– וועלכע צאַצקעס? דו האָסט שוין ווייטער פערפּאַצקעט אַ גוטען חומש מיט דיינע צאַצקעס – האָט זי געזאָגט איבערגנע־שראָקען און האָט גלייך אַ קוק געטהון אויף די פאָרערסטע און הינטערסטע ווייסע בלעטער, און געפינענדיג זיי ריין, האָט זי ווײ־טער מיט וואונדער איבערגעפרעגט:

וואָס פאַר אַ צאַצקעס?

– ניט מיינע... נאָר פון חומש.

– אין חומש איז ניטאָ קיין צאַצקעס! וואו איז דאָ צאַצ־קעס אין חומש? גייה שוין שלאָפען, גייה. דו וואָלסט בעסער לערנען, איידער זוכען צאַצקעס, צאַצקעס איז פאַר מעדלעך, דו דאַרפסט לערנען.

– דער רבי האט היינט געוויזען אין חדר די קינדער צאצ־קעס אין חומש.

– האסט דו דאך געזעהן. אין דעם חומש איז ניטא קיין צאצקעס.

– איך האב ניט געזעהן, – האט מאיר געענטפערט מיט א פערשטיקטען קול, איינהאלטענדיג די טרעהרען, וועלכע האבען זיך געשטעלט אין זיינע אויגען נאך דער מאמעס ווערטער.

– ווער האט דאס דיר געזאגט? – האט זי געפרעגט ווארים מיט א מוטערליכער ליעבע, זעהענדיג זיין צוטראגען געזיכט און די טרעהרען אין זיינע אויגען.

– די קינדער...

– נאר איינער, זיי האבען דיך אפגענארט, אין חומש איז ניטא קיין צאקצעס, דאס איז ניט קיין ביכעל, וואו מען שטעלט אריין נארישע צאצקעס.

– אין מיטען בלאט אבער?

– וואו איז דאס אין מיטען בלאט?

– דער רבי האט פונארערגענומען א בלאט אין צווייען און האט געוויזען צאצקעס, – האט ער געזאגט כמעט מיט א געוויין.

– אין מיטען בלאט! – האט זי געזאגט מיט א שמייכעל – נו, ווערסט דו בעטען מארגען דעם רבי'ן, וועט ער דיר אויך ווייזען די צאצקעס. וואס זשע זוכסט דו דא? – האט זי געענדיגט נאך אליין מיט דעם גליקליכען שמייכעל.

מאיר'ס געזיכט איז מיט אמאל ליכטיג געווארען.

– איך גיה שלאפען, מאמע! – האט ער געזאגט און האט אזוי ליעב א קוק געטהון איהר גלייך אין געזיכט, אז זי האט נאך טיפער און גליקליכער א שמייכעל געטהון.

ער איז גלייך אוועקגעלאפען אין קאמער און האט זיך באלד אריינגעלייגט בעט, אין וועלכען עס איז שוין געשלאפען זיינער אמין יונגערער ברודער און האט זיך איבערגעדעקט מיט דער קאל־דרע איבער'ן קאפ. און צייט א האלבע שעה איז שוין זיין מוטער

אויך געלעגען אין בעט. אין שטוב איז פינסטער, שטיל, עס הערט זיך נאר דאס שאפען פון די שלאפענדיגע קינדער.

– מאמע! האט פלוצלונג געפרעגט מאיר׳ל, ארויסרוקענדיג זיך פון אונטער דער קלאדרע, – מאמע! פאר וואס זענען דאס עפעס די צאצקעס אין מיטען בלאט?

– איך ווייס? – האט זי געענטפערט פערשלאפען, פאר וואס שלאפסט דו ניט?

– דער טאטע קען אויך שפאלטען דאס בלאט? הא, מאמע?

– איך ווייס ניט.

אייניגע מינוט זענען אריבער אין שטילקייט.

– ווער מאלט דאס אויס די צאצקעס אין חומש, מאמע?

– שלאף שוין בעסער, עס איז שוין שפעט – ענטפערט אויף זיין פראגע די מוטער.

– מאמע! – הערט זיך ווייטער זיין שטימע נאך אפאר מינוט: – פאר וואס קען דאס נאר דער רבי ווייזען די צאצקעס?

– גלויב מיר, מאיר׳ל, איך ווייס ניט.

ער דעקט זיך איבער מיט דער קאלדרע איבער׳ן קאפ, נאר נאך א פאר מינוט רוקט ער ווייטער ארויס דעם קאפ.

– מאמע?

– הא-א! ענטפערט זי שוין צוצוינגען, פערשלאפען.

– אז דער טאטע וועט קומען צופאהרען, וועל איך בעטען ער זאל מיר קויפען א רויטע בלייקע, יא, מאמע?

– שלאף, שלאף.

– ער וועט מיר קויפען, אמת? ווען וועט קומען דער טאטע?

– וואאס?

– דער טאטע וועט מיר קויפען א רויטע בלייקע? זאג, מאמע, יא!

– יא. מיין קינד, זאלסט געזונד זיין, שלאף שוין.

ער דרעהט זיך איין אין קאָלדרע, קעהרט זיך אום מיט'ן געזיכט צום ברודער און ליגט איינגינע מינוט שטיל.

– מאמע! – הערט זיך זיין קול פון אונטער דער קאָלדרע.

– מאמע!

ער דעקט זיך ווייטער אָב און הערט זיך צו. די מוטער חראָפּעט גאַנץ שטיל פון שלאָף; ער גיט אַ שמייכעל, רוקט זיך אונטער אונטער דער קאָלדרע, נורעט איין דעם קאָפּ זיינעם דעם ברודער אין די האָהר און ווערט שטיל. באלד הערט זיך זיין שטילער פייפען מיט דער נאָז.

.IV

אויף מאָרגען איז מאיר אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה. ער איז געווען גאַנץ פרעהליך, איז געווען צופרידען מיט דעם אָנבייסען, וואָס מען האָט איהם געגעבען. ער האָט געהאַפּט דאָס אָנבייסען אין קעשענע און איז אַוועקגעלאָפען אין חדר. אויפ'ן וועג האָט ער זיך שוין פאָרגעשטעלט, ווי דער רבי וועט איהם ווייזען די צאַצקעס, ער וועט זעהן דעם מבול, דעם גרויסען טורעם. די נפילים. „איך וועל מיך ניט דערשרעקען, אז איך וועל זיי דערזעהן״, קלערט ער, און פיהלט אין זיך עפּעס אַ שרעקליכע פעסטקייט. איין זאַך האָט איהם אַביסעל בעאונרוהיגט: ער האָט זיך געשעמט בעטען דעם רבי'ן, ער זאָל איהם ווייזען די צאַצקעס, די קינדער וועלען נאָך לאַכען, נײן! איך וועל זאָגען, אַז די מאַמע האָט געבעטען. אין דער מוטערס נאָמען, האָט ער געפיהלט, וועט ער זיך ניט שעמען און וועט זיין שטייפער.

אין חדר איז ער געקומען דער ערשטער. אין שטוב איז קיינער ניט געווען, אויסער בײַ'ם אויבען איז געשטאַנען די בעל-הבית'טע, דערזעלבער קאָפּ, וואָס האָט זיך נעכטען אַריינגערוקט אין טיהר, און האָט אויסגעשריען „שלמה״. אין שטוב האָט גע-שמעקט מיט שוויים פון לײַב, צונעמישט מיט דעם ריח פון אלטע

בעטגעוואַנד, פון אַלטע, אָנגענומענע מיט שווייס קאָלדרעס. מאיר האָט אָבער דאָס ניט געפיהלט, ער איז איצט געווען אויפ׳ן העב־סטען אופן צופרידען מיט׳ן חדר; ער האָט מיט אונגעדולד אַראָב־געוואָרפען פון זיך זיין פוטערעל אויפ׳ן בעט און איז גלייך כמעט צוגעלאָפען צום ווינקעל פאָליצקע און האָט פון דאָרטען אַראָב־גענומען דעם רבי׳ס חומש; אויף זיין געזיכט איז געווען איסגע־דריקט אַ זעלטען ניט קיין מענשליכעס גליק, אַ זעלטען אַ שרעק, ער האָט גלייך מיט ציטערדיגע הענד אויפגעמישט דאָס בלאַט, וואָס הויבט זיך אָן „הָרֹמֵשׂ עַל הָאָרֶץ״ און האָט גלייך עס אַוועק־געשטעלט קעגען פענסטער און האָט געקוקט, צו וועט זיך ניט דורכ־לייכטען. ער האָט אויף דעם בלאַט געפרובט די אַלע אָפעראַציעס וואָס נעכטען אויף זייער חומש אין דער היים, נאָר מיט מעהר פאָרזיכטיגקייט.

אין חדר זענען דערווייל געקומען עטליכע יונגלעך, נאָר מאיר׳ל האָט זיי ניט בעמערקט, זענענדיג פערטיפט אין חומש. איין יונגעל האָט זיך שטילערהייט אונטער גע׳גנב׳עט הינטער מאיר׳לען אין דער צייט, ווען ער האָט געהאַלטען דאָס בלאַט, שטעהענדיג קעגען פענסטער, וועלענדיג דורך איהם דורכזעהן, און האָט אַ פּאַטש געטהון מאיר׳לען אין אויער און האָט אַ געשריי געטהון: „טטאאי!״

מאיר האָט איסגעשריען פון שרעק, האָט זיך אַ ציה געטהון צוריק... ביי איהם אין האַנד איז געבליבען אַ אויסגעריסען בלאַט פון חומש, דאָס בלאַט, וואָס הויבט זיך אָן: הרמש על הארץ״...

– האַ חאַ חאַ! האָט דאָס יונגעל זיך פונאַנדער געלאַכט פון מאיר׳לס שרעק, ניט בעמערקענדיג דאָס איסגעריסענע בלאַט ביי מאיר׳לען אין האַנד.

דאָס בלאַט דאָט געציטערט אין מאיר׳לס האַנד. מאיר׳ל האָט מיט שרעק און פערצווייפלונג געקוקט אויף דאָס בלאַט, ווי איינער קוקט אויף זיין אומשולדיגען קרבן. ער איז געווען בלייך, ווי קאַלך.

– אָי, מאיר׳ל, ווער האָט דאָס אויסגעריסען אַ בלאַט פון

חמש? – האָט אויסגעשריען דאָס יונגעל – ווי אַזוי? פון דעם רבי׳ם חומש, אַי! אַי!

– ווער האָט אויסגעריסען אַ בלאַט, ווער? – האָבען געפרעגט צולויפענדיג צום טיש נאָך אַ פּאָר קינדער.

– אָי, פון רבינ׳ס חומש! – האָבען זיי אויסגעשריען מיט שרעק.

מאיר האָט אַראָבגעלאָזען דאָס בלאַט איבער׳ן אָפענעם חומש, האָט צוטראָגען, עפּעס ווי תמ׳עוואַטע געקוקט אויף דאָס בלאַט און האָט זיך ניט מעהר אַ ריהר געטהון, ניט גע־ענטפערט.

– אַי, אַי, מאיר, ווער האָט דאָס געטהון?

אַ ביטערער געוויין, וועלכעס האָט מיט אַמאָל אויסגעשאָסען ביי מאיר׳לען, האָט זיי געענטפערט אויף זייערע פראַגען.

– מאיר׳ל האָט אויסגעריסען דאָס בלאַט, מאיר׳ל – האָבען די קינדער אויסגעשריען מיט שרעק – ווי אַזוי האָסט דו דאָס אויסגע־ריסען? – האָבען זיי געענדיגט ווייך מיט מיטלייד.

– חיים! – האָט נאָר אויסגערעדט מאיר, חליפענדיג מיט אַ פּרעטענזיע, ניט אַראָבנעמענדיג די אויגען פון בלאַט, ווי ער וואָלט אפילו איצטער אויך וועלען זעהען אין דער אויסגעריסענער זייט, צו זעהען זיך ניט פון דאָרטען אַרוים די צאַצקעס.

– איך בין ניט שולדיג – האָט חיים אויך כמעט מיט אַ גע־וויין זיך פערענטפערט.

– וואָס ווייַנט מאיר, האַ? – פרעגט ביים אויבען די בעל־הבית׳טע די קינדער.

– ער האָט אויסגעריסען פון רבינ׳ס חומש אַ בלאַט -- ענט־פערט מען איהר.

– ווי אַזוי?

– חיים האָט איהם איבערגעשראָקען.

– אַ ליגען – האָט געוויינט נאָך איין קול.

מאיר׳ל מיט חיימ׳ען האָבען בײדע געװײנט. דאָס האָט גע־װירקט אויף דער בעל־הבית׳טע.

– װײנט ניט, קינדער, װײן ניט, מאירקע (זי האָט איהם ליעב געהאַט כמעט װי א מוטער!) אֶפּשר קען מען צוקלעבען דאָס בלאַט, דער רבי זאָל ניט װיסען, װײזט, װאו איז דאָס? װײנט ניט, װײן ניט, מאירקע. איך װעל בעטען מײן שלמה׳קען, װעט ער צוקלעבען. – מיט די װערטער איז זי צוגעגאַנגען צום טיש און האָט בעטראַכט דאָס אויסגעריסענע בלאַט און דעם אָרט, װאו עס איז געװען אויסגעריסען.

– נײן, דאָס קען מען צוקלעבען, אז מען װעט גאָר ניט בע־מערקען, האָט זי געזאָגט, װי אײן אַלטער בעל־מלכה, װאָס װײס גוט זײן אַרבײט, – מײן שלמה װעט דאָס צוקלעבען, אַז דער רבי װעט דאָס גאָר ניט דערקענען. און אַז ער װעט דערקענען, װעל איך איהם זאָגען, אז דאָס האָט מײן קלײנער ברוכ׳קע אויסגעריסען. װײנט ניט, דער רבי װעט גאָר ניט װיסען.

זי האָט גענומען דעם חומש מיט דעם בלאַט און איז אַרויס דורך די טהיר. חיים האָט זיך גלײך בערוהיגט און האָט אויפגע־הערט צו װײנען, שװערענדיג זיך פאַר די קינדער, אַז ער איז ניט שולדיג. מאיר האָט נאָך אַלץ געחליפּעט: ער האָט געהאַט מעהר װאָס צו װײנען װי חיים... איהם האָט זיך גערעכט, אַז דאָס בלאַט האָט איצט אָנגעװאָרען זײן הײליגקײט און עס איז געבליבען אַ פּראָסט בלאַט, װי אַלע בלעטער.

און צײט אײן פערטעל שעה האָט שלמה׳קע, אַ יונגעל פון אַ יאָהר 14, אַרײנגעטראָגען דעם חומש מיט אַ גליקליכען אויסדרוק פון געזיכט. װאָס ליגט נאָר אויף יענע גליקליכע מענשען, װען זיי ענדיגען אײן אַרבײט, װאָס דאַרף איבערראַשען די װעלט... דאָס בלאַט איז געװען גוט אײנגעקלעבט, כמעט גאָר ניט קענטיג. דאָס האָט אויך מאיר׳לען בערוהיגט, חאָטש נאָך לאַנג ניט אין גאַנצען.

– ווי אַזוי האָסט דו דאָס אויסגעריסען, מאיר? – האָט געפרעגט שלמה – דו זעהסט, אָבער גאָר ניט קענטיג, אַי, וואָלט דער רבי געשריען, אָהה! רייסט ניט אויס ווייטער.

די אַלע קינדער מיט שלמה׳ן האָבען צוזאַמען מיט עפּעס אַ זעלטענער פאָרזיכטיגקייט, מיט אַ פּאַמפּע, אויסגעגלעטעט דעם חומש אויפ׳ן פּאָליצקע אויף זיין שטענדיגען אָרט.

.V

מאיר איז געזעסען אָנגעשפּאַרט מיט די הענד איבערגעלייגט איבער׳ן געזיכט און האָט געקלערט; די קינדער האָבען איהם ניט געשטערט, זיי זענען אַלע אַוועק אין אַ ווינקעל. איהם זענען איצט די בילדער וועניג געקראָכען אין קאָפּ, ער האָט אין זיי איצטער עפּעס ניט געגלויבט. דער שרעק פאַר׳ן רבי׳ן האָט איהם אַריין געפיהרט איצט אין איין אַנדער וועלט: ער האָט איצטער מיט אַמאָל דערפיהלט עפּעס איין אָבשטויסונג צום רבי׳ן, ער איז איהם געווען אַ דם־שונא. פּע, וואָסערע לאַנגע ברעמען ער האָט, וואָס פאַר אַ מיאוסע לולקע! ווערלוועל איז דאָס טאַקי אַ גוטער רבי. „אָי דער רבי! הלואי אָי גאָט! וואָלט ער היינט גאָר ניט געקומען, מאָרגען אויך ניט, אוי, איבער מאָרגען אויך ניט, עטליכע טעג ניט“. – „ס׳איז אַ ליגען“! – פאַלט איהם פּלוצלונג אַריין אין קאָפּ, – דער רבי קען דאָס ניט געפינען די בילדער. אין חומש... ווערלוועל דער מלמד קען דאָס טאַקי שפּאַלטען דאָס בלאַט...

מיט׳ן גאַנצען האַרצען פערלאַנגט ער, עס זאָל זיך איצטער טרעפען אַ אומגליק צו אין שטאָדט צו מיט׳ן רבי׳ן. ער וואָלט אַפילו געוועזען זעהר צופרידען, ווען ער אַליין וואָלט איצט קראַנק געוואָרען. די מאַמע וואָלט איהם, אַגב, דאַן געקויפט עטליכע בלייקעס רויטע, בלויע. ניט ווילענדיג גיט ער זיך גאָר איבער דעם געדאַנק וועגען זיינע בלייקעס אין עטליכע פאַרבען, וואָס האָט די לעצטע צייט ביי איהם אָבגענומען זיין גאַנצע פאַנטאַזיע. דער

גערדאַנק אָבער, אַז דער רבי קען נאָך דערקענען, לאָזט איהם רוהיג ניט קלערען. „זאָל ער בעסער ניט קומען”, פערלאַנגט ער מיט'ן גאַנצען האַרצען. ער וואָלט וועלען, אַז עס זאָל זיך עפּעס טרעפען היינט אַ אומגליק מיט'ן רבי'ן, נאָר דאָך מיט דעם תנאי, אַז נאָכדעם זאָל דאָס אַלץ אויסקומען צו גוטען פאַר'ן רבי'ן, ער זאָל נאָכהער ווערען רייך, גליקליך... אַ וואָס פאַר אַ גוטער רבי ער וואָלט געווען דאַן. באַשע איז אויך אַ גוטע, וואָס פאַר אַ גוטער שלמה. אַז איך וועל ווערען רייך (ער האָט אין דעם ניט געצווייפעלט), וועל איך איהם געבען אַ סך געלד. ער האָט זיך בערוהיגט און האָט זיך איבערגעגעבען ווייטער דעם גערדאַנק וועגען די בלייקעס.

עס האָט זיך געעפענט די טהיר און עס איז אַריין ר' מרדכי מיט זיין פריינסישער לולקע אין מויל.

„אי, ווי פיינט האָב איך איהם, הלואי, הלואי אָ גאָט! זאָל ער ניט דערקענען” – לויפט דורך ביי מאיר'לען דורכ'ן קאָפּ עפּעס אָהן ווערטער און ער ווערט בלייך...

דער רבי האָט דאָס בלאַט ניט דערקענט און מאיר'ל איז אין גערדאַנק גוט-פריינד געוואָרען מיט'ן רבי'ן און האָט אַפילו זיך אַליין געזידעלט, וואָס ער האָט אויף איהם געקלערט אַזעלכע בייז, נאָר לערנען האָט ער פאָרט ניט געקענט דעם טאָג: דעם רבינ'ס חומש פלעגט יעדער רגע צוציהען זיין גערדאַנק צו איהם און ער פלעגט זיך פערטראַכטען, ניט קוקענדיג, וואָס ער אַליין איז פון דעם ניט געווען צופרידען, וועלענדיג צופרידען שטעלען דעם רבי'ן. דער רבי האָט איהם אויך ניט געצעפּעט, ווייל ער האָט בעמערקט די בלייכקייט אויף זיין געזיכט און האָט געגלויבט, דאָס היינט איז דאָס ביי איהם ניט זיין געוועהנליכע פערטראַכטקייט, נאָר דאָס ער מוז עפּעס זיין ניט געזונד...

די קינדער האָבען גלייך פערגעסען אָן זייער גאנצען שפּיעל, וואָס זיי האָבען אויפגעפיהרט מיט מאיר'ן, נאָר ער אָבער האָט דאָס לאַנג נאָך ניט פערגעסען, און האָט נאָך אַלץ געגלויבט, אַז אין בלאַט געפינען זיך ווירקליך זעלטענע רייכע, פאַנטאַסטישע בילדער, און יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט זיך דערמאָנען, פלעגט איהם עפּעס אַ אונפערשטענדליכער אומעט אין טיפער פערדרוס בעהערשען און ער פלעגט זיך מוזען פערקלערען. רעדען וועגען דעם האָט ער פאַר וואָס עפּעס מיט קיינעם ניט געוואָלט און האָט דאָס נאָר געשטיקט ביי זיך אין הארצען.

אין אַ צייט שפּעטער, ווען מאיר'ל האָט שוין ניט געצווייפעלט, אַז די געשיכטע מיט דעם בלאַט איז נאָר געווען אַ קינדערשע פאַנטאַזיע — האָט איהם דאָך פערדראָסען, פאַר וואָס איז דאָס ניט געווען אין דער אמת'ען, איהם איז געווען שאַדע אָבזאָגען זיך פון יענע קינדערשע הייליגע פאַנטאַזיעס, אין וועלכע דאָס בלאַט האָט איהם דאַן אַריינגעפיהרט.



# די אָבְּגֶעבְּרֶענְטֶע שול אִין „מִיר".

דאָס איז געווען דעם 10=טען אויגוסט אויף מאָרגען נאָך דער גרויסער שרפה, אין וועלכער דאָס שטעדטעל „מיר" האָט אָבגעברענט אין איהרע גוטע צוויי דריטעל צוזאַמען מיט איהרע אַלע זיבען בתי=מדרשים און מיט דער גרויסער אַלטער הילצערנער שול, וואָס איז געווען די ציהרונג פון שטעדטעל.

אין דעם שטיקעל פערבליבענעם שטעדטעל האָט געהערשט אַ שרעקליכע אונאָרדנונג: איינער האָט ניט געוואוסט פון דעם אַנדערען, און די מענשען האָבען זיך אומגעשאַרט פערחושכ'טע, פערשלאָפענע.

געדריקט און נידערגעשלאָגען האָב איך ביז 3 אַ זייגער ביי טאָג אַרומגעבלאָנזעט איבער די אָבגעברענטע פלעצער און אַרומ=געדרעהט זיך צווישען די פערבליבענע אויזוועגס מיט די הויכע דינע קוימענס. פיעל זאַכען האָבען דערצעהלט גאַנצע געשיכטען פון דער שרפה, געשיכטען שטומע, אָבער שרעקליכע...

קיינער איז כמעט ניט געווען אויף די אָבגעברענטע פלעצער; די מענשען האָבען שוין ניט געהאַט וואָס צו טהון... נאָר אויף דעם אָרימען שטיקעל שטעדטעל, וואָס האָט צו ערשט אָבגעברענט, בין איך עפּטערס אָנגעגאַנגען אויף אַ פּאָר וויינענדיגע קינדער, וועלכע, זיצענדיג אויף די לעצטע שטיינער פון זייער שטוב, האָ=בען שטיל בעוויינט זייער פערברענטען נעסט... אָפטמאָל האָט זיך

אויך געבּראַכט צוטראָגען אַ העכערעס וויינען פון אַ פרויען-שטימע פון ערגיץ אַ וויטען ווינקעל הינטער אַ פערבּליבּענעם אויווען; וואו ניט וואו האָב איך זיך בּעגעגענט מיט אַ נשרף, וועלכער איז מיט אַ דיקען סלאַי סאַזשע אויפ׳ן געזיכט און מיט אַ פערצווייפעלטען אויסדרוק געשטאַנען מיט פערבּראָכענע הענד נעבּען זיין פּלאַץ, וואָס האָט זיך נאָך געראויכערט, און האָט אויף איהם אָהן געדאַנ-קען געקוקט; אויף אַנדערע פּלעצער האָט זיך פון וויטען געזעהן איינגעבּויגענע שוואַרצע רוקענס, וואָס האָבּען שמיל עפּעס געזוכט אין די נאָך וואַרימע אַש.

אַ אונגעוועהנליכע שטילקייט האָט געהערשט אויף דעם גאַנ-צען גרויסען שטח, וואָס איז נאָך נעכטען געוועזען בּעלעבּט. די איינציגע וויינענדיגע קולות, וואָס האָבּען זיך פון אַנדערע ווינקלען געהערט, האָבּען די שטילקייט ניט געשטערט, נאָר זיי האָבּען, ווי אַ שטילער קרעכץ, וואָס הערט זיך אין דער שטילקייט פון דער נאַטור, דערפילט דאָס בּילד... עס האָט דערמאַנט אָן די הייליגע רוהיגקייט פון אַ בּית-עלמ... שרעקליך איז געוועזען אַזא שטילקייט!...

דער אונגעוועהנליכער שפּאַציר האָט מיך זעהר מיעד גע-מאַכט. געוויס מיעד בּין איך נאָך געוועזען פון נעכטיגען טאָג, פון די פיעל אויפרעגונגען, דערצו האָב איך נאָך די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען, געפּיינענדיג זיך אונטער׳ן פרייען הימעל, און דאָ האָט נאָך, ווי עפּעס להכעיס, די גאַנצע נאַכט כּמעט שטאַרק גערעגענט, מיט שרעקליכע דונערען און בּליצען. איך בּין דעריבּער געגאַנגען צווישען די חורבות, ווי אַ נעכטיגער, און האָב זיך געוויגט אויף די פיס, ווי אַ שכּור׳ער. מיך האָט שרעקליך געצויגען צום שלאָפען און איך האָב זיך בּעשלאָסען אוועקגעהן הינטער׳ן שטאָדט אויף יענער זייט טייך און דאָרטען ערגיץ וואו בּיים וועג, וואָס איז געדיכט בּעזעצט געוועזען מיט בּעריאָזעווע בּוימער, לעגען זיך אין אַ שאָטען אויפ׳ן גראָז, וואו קיינער וועט מיר ניט שטערען זיך דורכשלאָפען.

דער טאָג איז געוועזען אַ שענער: די זון האָט שטאַרק

און אַנגענעהם געוואַרט, אַ קליין וואַרים ווינטעלע האָט קוים גענאָקלט די בלעטער פון די בוימער און איז, ווי מיר האָט זיך געדוכט, נאָר בעשאַפען געוואָרען, אום זיסער איינצושלעפערען די מידע פערמאַטערטע מענשען אונטער דעם ריינעם בלויען הימעל.

און צייט 10 מינוט בין איך שוין געוועזען אויפ'ן וועג. דאָרטען ניט ווייט פון שטאָדט אונטער אַ געדיכטען שאָטען פון אַ גרופּע בוימער, וואָס זענען געשטאַנען נאָהענט איינע ביי די אנדערע, זענען שוין געלעגען איייניגע נשרפים און האָבען שטאַרק געשלאָפען. אויף דעם אָרט פלעגען אויך שטענדיג שבת נאָך וואַרימעס קומ ן אַנדערע בעלי־בתים זומער דורכשלאָפען זיך. קיין בעסערער אָרט איז טאַקי ניט געוועזען ווי דאָ, און איך האָב זיך געלעגט אין שאָטען פון אַ גראָבען בוים, אָנשפאַרענדיג דעם קאָפּ אויף ביידע הענד, מיט דעם געזיכט צום הימעל.

איך ווייס ניט, צו וויל ניט זענענדיג געוואָהנט שלאָפען אויף דער פייכטער ערד אונטער'ן הימעל, אָדער פון צופיעל אָנשטרענגונג -- נאָר איך האָב גלייך ניט געקענט אַנטשלאָפען ווערען. איך האָב זיך אומגעקערט מיט'ן געזיכט צום שטעדטעל. דאָס אָרט, וואו איך בין געוועזען, איז געוועזען פיעל העכער, ווי דאָס שטעדטעל, וואָס איז געלעגען אין אַ טאָהל, און דאָס גאַנצע שטעדטעל האָט זיך דערום אויסגעשפרייט פאַר מיינע אויגען. איך האָב עס עפּעס אָהן געדאַנקען גענומען בעטראַכטען.

גלייך אַנטקעגען מיין בליק האָט געבלישצעט אין אַ מעטאַלענעם גלאַנץ דער טייך. דאָס שלאַפע ווינטעל האָט איהם לייכט בעוועגט, קוים אויפהויבענדיג קליינע הוואַליעס, וועלכע די זון האָט בעזילבערט מיט איהר שיין. הינטער דעם טייך האָט אַרויסגעקוקט, דורך אַ פּאָר אָבגעשמאַלעטע בוימער, דאָס אָבגעברענטע שטעדטעל. אַ שיטערער בלויער רויך האָט עס בעצויגען ווי מיט אַ טומאן, און די הויכע פערבליבענע קוימענס האָבען אין דורכזיכטיגען רויך אויסגעזעהען מאַט בעלויכטען פון דער זון ווי, דורך אַ דינעם גאַז; וואו ניט וואו האָט

זיך פון אַנדערע פלעצער געצויגען פון אונטען א דינער זייל רויך, וועלכער איז אין דער הויך צוגאַנגען אין דעם גאַנצען בלויען טומאַן. די אויוועגס מיט די קוימענס זענען געווען ווי צוזאַמענגע־שמאָלצען אין קלענערע גרופּעס און זענען שטאָלץ געשטאַנען, ווי פערוויקעלט אין לייכטען בלויען גאַז.

דאָס בילד איז מיר געווען ניי. איך האָב דאָס ערשטע מאָל געזעהן אין מיין לעבען איין אָבגעברענטע שטאָדט, און איך מוז מיך מודה זיין, דאָס פון דער וויטען איז דאָס געווען א זעלטען שענעס בילד. אין חורבות איז דאָ פיעל פּאָעזיע: זיי פילען אָן דאָס האַרץ מיט עפּעס א הייליגען אומעטיגען פערגניגען, און דער חורבן פון שטעדטעל איז געווען נאָך פיעל שענער: די הויכע קוימענס זענען, דאַכט זיך, אַזוי שטאָלץ געשטאַנען, די ליניעס זייערע האָ־בען זיך אַזוי אויסגעוויילט אין דעם לייכטען גאַז; זיי האָבען, דאַכט זיך, ווי פון וואָס עפּעס דערצעהלט, וועמען עפּעס אַרויסגע־רופען, נאָר אָבער אַזוי ווייך, אַזוי פאַנטאַסטיש בילד, ווי זיי וואָל־טען נאָר בעשאַפען געוואָרען, אום צו פרעהען דאָס אויג, און ניט בעשאַפען געוואָרען פון פרעמדענס אומגליק... דאָס האַרץ איז מיר אפילו געווען עפּעס שווער אָנגעלאָדען, קוקענדיג אויף זיי, נאָר דאָך האָבען זיי מיר ניט דערצעהלט פון דעם גרויסען אומגליק ווי פריהער, ווען איך האָב דורך זיי גע־שפּאַציערט. אָט דאָס הייסט קוקען פון דער וויטען אויף יענעמ'ס אומגליק!... איך האָב זיך ווי פערשעמט פאַר זיך אַליין און איך האָב אָבגעקעהרט מיין בליק אויף דער אַנדער זייט גרעבלע רעכטס, וואו עס האָט אַרויסגעקוקט דער קליינער דאַך פון מיהל מיט זיין רויטע פענדעלע אין דער הויך.

דאָרטען מיט דער לענג פון מיהל־טייכעל איז געבליבען דאָס שטיקעל שטעדטעל, און דאָרטען האָבען זיך געקליבען די נשרפים, ראַטעווענדיג זייערע חפצים פון פייער, און דער פּלאַץ האָט יעצט פון וויטען אויסגעזעהן, ווי א ציגיינערשער לאַגער. דער גאַנצער

שטח איז געווען בעזייט מיט פילפאַרביגע פלעקען פון פיעל אויפגעבונדענע פעקלעך, זעקלעך, קערב מיט קאסטעגס, צעוואָר־פענע, צובראָכענע מעבעל, נאָר דאָס רוב האָבען געהערשט ווייסע פלעקען פון פונאַנדערגעוואָרפענע בעטגעוואַנד, צווישען וועלכע עס האָבען געבלישטשעט געגען דער זון – מעשענע סאַמאָוואַרען, קליינע שפיגלעך, קופערנע כלים. פון אונטער די צוזאַמענגע־וואָרפענע זאַכען האָבען זיך אַרויסגעזעהן שוואַרצע פלעקען פון ליגענדע פיגורען. איבער זיי האָבען געטאַרצעט שטייענדיגע פיגורען ווי שאָטענס, אָדער עס האָבען זיך געשאַרט פאַמעלעך פערשלאָפענע, פערמאַטערטע פיגורען, ווי עפּעס פערבליבענע קאַליקעס אין אַ פער־לאָזענעם צורויבטען לאַגער. וואו ניט וואו זענען געשטאַנען איינ־געשפאַנטע פוהרען, אויף וועלכע מען האָט אויך אַזוי שטיל אָנגע־לעגט פעק ביז׳ן הימעל. אַ ביסעל מעהר לעבען האָט זיך געזעהן אין ענדע פון פלאַץ ביי דער מיהל: דאָרטען האָט מען געבראַכט פון די נאָהנטע שטעדטלעך פוהרען מיט ברויט. דאָרטען אַרום די וועגען האָבען די שאָטענס בעוויזען מעהר לעבען און פון דאָרטען האָבען זיך געטראָגען ביז צו מיין אָרט זייערע שטימען...

הינטער די ווייסע און שוואַרצע פלעקען פון לאַגער אויף יענער זייט טייכעל האָבען זיך אַרויסגעזעהן נידריגע הייזלעך און איבער זיי נאָך אַביסעל דערכער, בעצויגענע מיט רויך, און האָבען פערשטעלט די יענע קוימענס, וואָס האָבען זיך הינטער זיי געפונען. די הייזלעך האָבען מיט זייערע קליינע פענסטערלעך געקוקט אויף דעם פלאַץ מיט זייער שטענדיגען גלייכגילטיגען פנים, נאָר אויבען איבער די דערכער האָט דאָס גאַנצע שטיקעל שטעדטעל פערלאָרען די פרעהליכקייט פון זיין שטענדיגען אויסזעהען: עס האָט דאָ געפעהלט דער היכער דאַך פון דער שול, וואָס האָט זיך שטענדיג פון דאַנען אַרויסגעזעהן און האָט געהערשט איבער אַלע דע־כער, און אויך האָט דאָ געפעהלט דער אָצאָפּ פון בית־המדרש־ברונען, וועלכער פלעגט אַרויסקוקען ביי דער שול, ווי עפּעס צוגעטולעט צו איהר,

איך האָב זיך דערמאַנט אָן דער שול, און עפּעס אַ טיעפּער אומעט האָט מיך מיט אַמאָל בּעהערשט. דאָס טויטע בּילד פון דעם שרעקליכען לאַגער האָט אויך געדריקט דאָס האַרץ... איך האָב מעהר ניט געוואָלט קוקען אויף די חורבות, און איך האָב זיך אומגעדרעהט מיט'ן געזיכט צום פעלד. נאָר דער בּליק מיינער איז אָבער ניט ווילענדיג געפאַלען אויף די פּאָר שוואַרצע רוקענס, וואָס האָבען דאָ געשלאָפען, און איך האָב זיך, געגען מיין ווילען, איבּערגעגעבען דעם גאַנג פון די אומעדיגע געדאַנקען, וועלכע וואָס ווייטער האָבען מיר מעהר בּעהערשט...

בּיי אַ שעה צייט בּין איך געלעגען אַזוי פערטראַכט, נאָר דער שלאָף האָט מיך דאָך געמומען גובר זיין. דאָס ווינטעל האָט זעלטען אַנגענעהם געבּלאָזען איבּער'ן געזיכט, האָט קוים געריהרט מיינע האָר, האָט זיך שטיל אַריינגעגנב'ט אין די נעזלעכער און האָט זיי אַנגענעהם געקיצעלט. די געדאַנקען האָבען זיך גענומען אָבּרייסען, די אויגען האָבען זיך עפּעס אַליין פערשלאָסען, און איך בּין בּאַלד געשמאַק אַנשלאָפען געוואָרען.

איך האָב געשלאָפען עטליכע שעה און איך האָב זיך פּלוצ-לונג אויפגעכאַפּט פון אַ הויכען געוויין, וואָס האָט זיך געהערט נעבען מיר: דאָס האָט געוויינט אַ קינדערשער קול פון אַ יונגעל און האָט וואָס פאַר זיך גע'טענה'ט. די ערשטע עטליכע ווערטער, וועלכע איך האָב גלייך דערהערט, האָבען מיר איבּערראַשט: דאָס קול האָט בּעוויינט די פערבּרענטע שול... אַ זעלטענע נייגיריג-קייט האָט מיך בּעהערשט. איך האָב זיך געמאַכט שלאָפענדיג און האָב זיך צוגעהערט צו דעם יונגעל'ס טענות.

איך האָב גאַנץ שטיל געעפענט די אויגען און האָב געזעהן, דאָס כמעט אַנטקעגען מיר, אונטער אַ בּוים, איז געלעגען מיט'ן געזיכט צו מיר, אַ יונגעל פון אַ יאָהר 12 מיט אַ געזיכט, פערשמוצט פון סאַזשע. ער איז געלעגען אַבּיסעל אויפגעהויבען, אָנגע-שפּאַרט אויף איין האַנד. דאָס געזיכט זיינס האָט אויסגעדריקט

אַ שרעקליכען יאוש פֿון אײנעם, וואָס ווײנט מיט'ן גאַנצען האַרצען, מיט אַלע זײַנע געפֿיהלען...

אַ פֿערטעל שעה כמעט האָב איך זיך געמאַכט שלאָפֿענדיג און האָב זיך צוגעהערט צו זײַנע ווערטער. ער האָט אין זײַן בעקלאָגען די שול אַלץ גע'חזר'ט כמעט נאָר די זעלביגע ווערטער: „אוי, אונזער שול איז פֿערברענט געוואָרען, אונזער שול, אונזער שול איז פֿערברענט געוואָרען!"... נאָר אין דעם טאָן פֿון די ווערטער האָט זיך געהערט אַ שרעקליכע טיפֿע פֿערצווייפֿלונג. אין בין געוועזען ענטציקט און איבערראַשט און איך האָב עפּעס פּלוצלונג אַ ווילדע ליעבע געקראָגען צו דעם יונגעל. מיר האָט זיך פֿערוואָלט אַרײַנקריכען אין זײַנע קינדערשע געפֿיהלען, וועלכע האָבען בײַ איהם אַרויסגערופֿען דאָס ווײנען, דאָס בעקלאָגען די שול און ניט זײַן אײגענעם נעסט, וואָס איז אויך געווים פֿערברענט געוואָרען. איך האָב איהם ניט פֿערשטאַנען! אין דעם טאָג האָב איך פֿון פֿיעל מענשען געהערט בעדויערענדיג די שול, אָבער צו האָט זיך געפֿונען פֿון יענע חאָטש אײנער, וואָס זאָל אידר אזוי ביטער, מיט הײסע טרעהרען בעווײנען, ווי אָט דאָס יונגעל. וועלכע געפֿיהלען, וואָסער ליעבע האָבען געהערשט אין זײַן קינדערשער ברוסט?...

איך האָב זיך מיט אַמאָל אויפֿגעהויבען און האָב זיך אַנידערגעזעצט. דאָס יונגעל, בעמערקענדיג מײַן בעוועגונג, האָט זיך האַסטיג אָבגעהאַקט פֿון ווײנען, האָט זיך קענטיג פֿערשעמט און האָט מיט זײַנע פֿערווײנטע איבערגעשראָקענע אויגען עפּעס פֿערוואונדערט אַ קוק געטאָהן אויף מיר.

— וועמעס ביסטו, יונגעלע? — האָב איך איהם וואַרים געפֿרעגט, ווי ערשט אויפֿחאַפּענדיג זיך פֿון שלאָף.

— חיים-לײזער דעם שנײַדער'ס — האָט ער נאָך אַלץ, קוקענדיג מיט זײַן צערשטרײטען בליק, מיר שטיל געענטפֿערט.

— אײַער שטוב איז אויך אָבגעברענט געוואָרען?

— יאָ.

— וואָס האָסטו געוויינט? — האָב איך אין אַ מינוט אַרום ווייטער געפרעגט.

ער האָט פערשעמט אַראָבגעלאָזען די אויגען און האָט מיר ניט געענטפערט. אויף זיין געזיכט איז איבּערגעלאָפען אַ נערוונער ציטער: ער האָט זיך איינגעהאַלטען פון וויינען. איך האָב גלייך פערשטאַנען, אַז איך וועל ביי איהם גאָר נישט אַרויסקריגען און איך האָב דערום אומגעביטען מיין פראַגע:

— דו לערענסט נאָך אין חדר?

— ביז דעם זומער האָב איך געלערענט, — האָט ער פערשעמט געזאָגט.

— און דעם זומער?

— דעם זומער בין איך שוין געזעסען ביים „טיש" ביי דעם טאַטען.

ער האָט זיך גלייך נאָך די ווערטער אויפגעהויבען פון אָרט, האָט אָבגעווישט די אויגען מיט'ן פאָלע און איז פאַמעליך אַוועק אין שטאָדט. איהם איז, קענטיג, ניט אַנגענעהם געווען דער שמועס... איך האָב איהם לאַנג נאָכגעקוקט שטאַרק פערוואונדערט מיט עפּעס אַ טיעפען אומפערשטענדליכען פערדרוס — ביז ער איז אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען פאַר מיינע אויגען.

איך ווייס ניט, וואָס פאַר אַ געפיהלען האָבען אַרויסגערופען ביי דעם יונגעל זיין בעוויינען די שול. די איינציגע ווערטער, וועלכע ער האָט מיר געענטפערט, האָבען איהם נאָך ווייטער געמאַכט פון מיר, נאָר דאָס איז געווען זיכער, אַז די שול איז געווען וואָס צו בעקלאָגען!... אין איהר האָט ניט נאָר דאָס שטעדטעל פערלאָרען איהרען נאָך אַ בית־מדרש, נאָר, איך קען כמעט זיכער זאָגען, דאָס מיר יורען האָבען אין איהר פערלאָרען איין אַלטען דענקמאַל פון יודישער זעלבּסטשטענדיגער קונסט אין אונזער גלות.

די שול איז געווען צווישען די אַלע יידישע הילצערנע אַלטע שולען איין אויסנאַהם מיט איהר אַלטקייט און רייכקייט. פון

דרויסען האָט זי אויסגעזעהען, ווי די אַלטמאָדישע הילצערנע שולען, וואָס איינינגע זענען נאָך פערבליבען ביז היינט אין אנדערע קליינע שטעדטלעך: אַ הויך פירקאַנטיג געביי מיט גרויסע געשניצטע פענס־טער, אַרומגעבויט פון מעריב־זייט מיט צוויי קליינע שטיבלעך, צוזאַמענגעהעפט מיט די פאָלעס און מיט 2 לאַנגע נידריגע גאַלע־ריעס פון ביידע זייטען פאַר די ווייבער; איבער די פענסטער געהט אַ ברייטער געשניצטער קאַרניז, אויף וועלכען עס הויבט זיך אויף אַ הויכער דאַך פון שינדלען.

זי איז געשטאַנען הויך, פריי, און האָט מיט איהר אַלטקייט, ווי עפּעס איין אַלטער שטאָלצער זקן, שוין אפשר וויפיעל הונדערט יאָהר געקוקט אויף דאָס גאַנצע שטעדטעל.

שען איז זי אָבער געווען אינווענייג. עס איז געווען צו בע־וואונדער'ן איהר רייכע שניצונג פון דעם הויכען, קונציגען אָרון־קודש, פון דער הויכער בימה און פון דער אינווענייגסטער גרויסער געשניצטער טיהר, נאָר איבערהויפּט איז די שול געווען אינטערעסאַנט מיט איהר מאַלעריי, מיט איהרע היסטאָרישע בילדער, מיט די פיעל פאַנטאַסטישע חיות און מיט די פערדרעהטע און קונציגע בלומען. די חיות זענען געווען כמעט אַלע אין לעבענס־גרויס: דאָ האָבען זיך געפונען וועלף, פוקסען, עקדישען, פויגלען, אפילו אַ העלפאַנט כמעט אין זיין אמת'ער גרויס, און אויך ניט ווענייג חיות פון פאַנטאַזיע, ווי די אחשתרנים בני הרמכים מיט 8 פיס, דער לויתן, דער שור־הבר, דער ברענענדיגער שלאַנג און ז. וו. ווער דער מאַלער איז געווען, האָט קיינער ניט געוואוסט, עס איז אפילו ערגיץ וואו אויף דער מזרח־וואַנט געווען אויפגעשריבען זיין נאָמען, נאָר מען האָט ניט געקענט איבערלייענען. מען האָט נאָר דערצעהלט, דאָס דער קינסטלער איז געווען נאָך אַ יונגער מענש און האָט שוין דריי אַזעלכע שולען אויסגעמאָלט, נאָר כדי ער זאָל ניט מאָלען נאָך אַזעלכע שולען, איז ער עפּעס דורך אַ אומגליק פּלוצלונג געשטאַרבען...

די אָרנאַמענטען און בלומען זענען געווען ווילד, אָבער דאָך אויסגעדאַלטען אין אַ געוויסער מאַנער. זיי זענען געווען מיט נע־שמאַק און אין יידישען זין. די לעבעדיגע צייכנונגען זענען שוין געווען קינדיש נאַיוו אַזוי ווי אין די ליניעס, אַזוי אויך אין די פאַרבען.

גענוג איז געווען צו בעטראַכטען האָטש איין בילד, מען זאָל דערקענען אין דער אַרבייט דעם ווילדען ריינעם יידישען „מושלם", וועלכער האָט די מאַלערײ־קונסט ניט געלערענט און האָט אפשר ניט געוואוסט, אַז מען קען די קונסט וואו שטודירען. נאָר דאָך ניט קוקענדיג אויף די נאַיווקייט און די פעהלערען אין די בילדער — איז געווען צו בעוואונדערען די דרייסטיגע פאַנטאַזיע און די ווילדע זיכערקייט, מיט וואָס יענער האָט, קענטיג מיט ליעבע, געמאָלט די מענשען און חיות.

זעלטען נאַיוו אין דער אויספיהרונג איז געווען דאָס לאַנגע וועגטעל פון דער אויבערשטער גאַלעריע, וואָס איז געהאַנגען איבער דעם אַריינגאַנג; דאָרטען אין דער הויך איבער'ן קאַרניז איז געווען אויסגעמאָלט אַלערליי כלי־זמר, מסתמא פון בית־המקדש, און אונטען איז געווען אויסגעמאָלט, ווי מען פיהרט „ביכורים" קיין ירושלים אויף אַ גרויסען וואָגען, אויף וועלכען עס שטעהט אַ פאַנטאַסטישער קאָרב מיט אַלערליי פרוכטען. דער וואָגען איז איינ־געשפאַנט אין 2 אָקסען (איינער איז, פאַר וואָס עפּעס, געווען אַ בלויער) מיט פערגאָלדעטע גרויסע הערנער, און וועלכע עס האָט זיך געדרעהט אַ גרינער קראַנץ פון בלעטער און בלומען, קיין מענ־שען איז דערביי ניט געווען. איבערהויפט איז געווען צו בעמערקען, דאָס מענשען איז דעם קינסטלער געווען שווער צו מאַכען און ווען זיי פלעגען יאָ ביי איהם מוזען פאָרקומען — זענען זיי אַלע געווען, ווי ביי די אַמאָליגע מצרים, אין פראָפיל. נאָך די „ביכורים" האָט זיך אָנגעהויבען אַ גאַנצע שורה בילדער, ביז צום סוף וועגטעל, וואו עס איז געווען אַ בילד אויף דעם פסוק פון ישעיה הנביא: „וְגָר זְאֵב עִם כֶּבֶשׂ וְנָמֵר עִם גְּדִי יִרְבָּץ".

נאָך גאַיווער זענען געווען אייניגע היסטאָרישע בילדער, ווי צום ביישפּיל דאָס בילד, ווי מען וואַרפט אַריין אין ים יונה הנביא. דאָס בילד האָט פערנומען ניט קיין קליינעם פּלאַץ אויף דער צפון וואַנד איבער די פענסטער, וואו עס הויבט זיך אָן קיילעכדיגען דער סופית. אויף דעם בילד איז פאָרגעשטעלט ניט קיין גרויסע שיף, געבען שיף רוקט זיך אַרוים פון רוהיגען וואַסער אַ גרויסער קאָפּ פון עפּעס אַ אומבעקאַנטען פיש; דער פיש האַלט אָפען דעם מויל, און וועלכען עס ליגט אויף דער צונג אויפגעדרעהט עפּעס אַ שוואַרץ מענטשעלע (יונה הנביא); פון קאָפּ גיסט דער פיש בשעת־מעשה אַ גאַנצען פאָנטאַן וואַסער גלייך אין שיף אַריין, און ווען ניט אייניגע מענשען (אנגעטהון אין פראַקען), וועלכע האַלטען אונטערגעשטעלט כלים און נעמען צו דאָס וואַסער — וואָלט דער פיש געוויס דערטרונקען מיט זיין פאָנטאַן דעם שיף (אייגענטליך איז דאָס נאָך ניט קלאָר, צו דאָס דוקא האָט געמיינט דער קינסט־לער). פון דער אַנדער זייט שיף שווימען נימפען — האַלב־מענ־שען און האַלב־פיש; פון שיף וואַרפען זיי אַ פּאָר מענשען פאַר וואָס עפּעס רויטע קייקעלעך, וועלכע די נימפען האַפּען זיי...

אָט אין דעם נאַיווען גייסט זענען געווען אַלע היסטאָרישע בילדער: די עקדה, מתן־תורה, אהרן הכהנ׳ם טוידט און נאָך אייניגע. פון פיעל בילדער האָט מען ניט גוט געקענט פערשטעהן, וואָס דער מייסטער האָט אייגענטליך געמיינט מיט זיי, ווי צום ביישפּיל דער גרויסער טורם, וועלכער איז בעשטאַנען פון דרעלעך אָהן אַ שיעור, און אויף וועלכען עס איז געשטאַנען אָנגעשריבען פון אויבען; „די שטאָדט גרמיזא״ און דערביי איז געשטאַנען אַ 20 שורות ווערטער אין פאָרם פון אַ שיר, וועלכען איז געווען שווער צו לייענען פון אונטען. אפשר האָט דער מייסטער געוואָלט דאָ פאָר־שטעלען אַ היסטאָרישען פאַקט, נאָר אויף דעם טורם האָט זיך דאָך ניט געזעהן...

די שניצונגען זענען שוין געווען בעסער און עס האָט זיך געזעהן אין זיי אַ שטרענגע שולע מיט אַ געזונדען גוסט.

אין גאַנצען האָט די שול געמאַכט אַ זעלטענעם הייליגען איינ־דרוק. אויף מיר פלעגט זי שטענדיג אָנוועהען עפּעס איידלע פּאָ־עטישע געפיהלען. הונדערטער אויגען פון די אַלע חיות האָבען געקוקט אויף מיר ניט מיט זייער נאַטירליכען אויסדרוק, נאָר מיט יענעם מאָדנעם אויסדרוק, וואָס דער מאָלער האָט זיי, אפשר ניט ווילענדיג, צוגעגעבען, און וועלכער האָט אויסגעדריקט אַ זעלטענע איראָניע, ווי זיי וואָלטען עפּעס געזאָגט, דאָס זיי שטעהען העכער ווי מיר מענשען... די פיעל שרייענדיגע פאַרבען האָבען געפרעהט דאָס אויג, די ווענד האָבען ווי געאָטעמט מיט אַלטקייט, מיט הרחבת־הדעת, און, אָנפילענדיג די לופט מיט עפּעס אַ אומפּער־שטענדליכער הייליגער רוהיגקייט – האָבען זיי דערצעהלט פון יענע אונזערע גליקליכע עלטער־זיידעס, וועלכע האָבען געהאַט אַזוי פיעל פרייהייט, אַזוי פיעל ליעבע און אַזוי פיעל איידלען געשמאַק, זיי זאָלען די שול אַזוי פיעל ציהרען, ווי זיי האָבען זי אונז איבערגע־לאָזען. זי האָט געדאַרפט זיין בּיי זיי ווי עפּעס אַ ליעבלינגס־קינד...

געפינענדיג זיך אין שול, פרעג איך שטענדיג ניט וויסען, פון וואָס זיך צו בּעוואונדערען, צו פון דעם ווילדען יידישען טאַלענט, אָדער פון יענער אַלטער צייט, יוען עס האָט זיך געפונען אַ גאַנצע קהלה, וואָס האָט זיך אָבגעגעבען אַזוי פיעל מיט שענקייט און געלאָזט אַפילו געגען דעם אָנגענומענעם מנהג אויסמאָלען די שול... איינינע דורות קענטיג האָבען זי נאָך אַלץ געציהרט און געפוצט, ווייל פון אונטער דער אויבערשטער פאַרב האָט זיך אויך געזעהען געמאָלט.

צו האָבען דאָס געוואוסט צו שעצען די ווייטערדיגע דורות פון שטעדטעל?...

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

אַ צייט בין איך נאָך געזעסען מיט עפּעס איין אָנגעלאָדענעם

הארץ. איך האָב אַלץ געקלערט וועגען דעם יונגעל. – צו האָט ער בעקלאָגט דעם לעבעדיגען זכר פון אונזער אַמאָליגער שענקייט, פון אונזערע עלטער־זיידענס היילינגע קאַפּריזען, וועלכע זענען יעצט פערלאָרען געגאַנגען, אָדער דאָס איז געווען גלאט אַ געוויין... נאָר איך גלויב, אַז איידלע געפיהלען האָבען געוויגט דעם יונגעל׳ס הערצעל. איך האָב גענומען אין געדאַנק מיר פאָרשטעלען זיין פאָטער, אום צו טרעפען פון איהם אויף זיין זוהן, נאָר איך האָב אין זיין פאָטער גאָר נישט געפונען: ער איז געווען אַ פּשוט׳ער בעל־מלאָכה, ווי אַלע זיינע חברים.

איך האָב זיך באַלד אויך אויפגעהויבען און בין געלאַסען אַוועק אין דאָס פערברענטע שטעדטעל.

די זון איז שוין געזעסען נידריג אויפ׳ן עק היםעל הינטער אָבגעברענטע קוימענס און האָט אַרויסגעקוקט דורך די פורפּענע וואָלקענס מיט אַ פייערדיגען רויטען פלעק; אויבען אויף דעם אָראַנזשען הימעל האָבען זיך אויסגעצויגען לענגליכע דורכזיכטיגע ראָזעווע וואָלקענס מיט בעגילטע ברעגען. אויף דעם אָבגעברענטען שטעדטעל איז פון רויך געשטאַנען אַ גאָלדערנער געדיכטער טומאַן, און די אויבענס מיט די קוימענס זענען געווען איינגעהילט אין דעם טומאַן און האָבען זיך כמעט ניט געזעהן. די פלעקען פון לאַנגער האָבען זיך איצט מעהר צוזאַמענגעגאָסען אין איין ווארימע גרויע פאַרב און האָבען ניט אַזוי טרויעריג אויסגעזעהן. דער שטח פון די פלעקען איז גלאט פיעל קלענער געוואָרען, ווייל פיעל האָבען שוין מסתמא צוריק איבערגעשלעפּט זייערע פעקלעך אין דעם פערבליבענעם רעשט שטעדטעל.

איך האָב אַ קוק געטהון אויף די ידעכער; דאָרטען איז געשטאַנען אַ פּול, וועלכער האָט דאָ אָנגענומען אַ לייכטע פיאָלעטאָווע פאַרב. דאָס בילד איז מיר געווען בעקאַנט פון שטענדיג, ווען איך פלעג פאַרנאַכט ביי דער זון אונטער־גאַנג שפּאַצירען אויף דעם אָרט. עס האָט דאָ נאָר געפעהלט דער הויכער דאַך פון שול.

~~~~~~~~
~~~~~~~~

# די שְׁפֶּעטֶע וֶועטְשֶׁערֶע.

עֶס אִיז גֶעווען אַרוּם עֶלְף בַּיינאַכְט. אַ דראָבנֶער אָסֶענדִיגֶער רֶעגֶען האָט גֶעשׁפּרִיצְט פוּן די גרויעֶ וואָלקֶען, וואָס האָבֶּען זִיךְ גֶעטראָגֶען מִיט אַ שרֶעקלִיכֶע גֶעשווִינדקייט אִיבֶּער Z. אויפ׳ן גאַס אִיז גֶעווען שרֶעקלִיךְ פִינסטֶער, אַזוֹי פִינסטֶער, אַז פַאר עֶטלִיכֶע טרִיט פוּן זִיךְ האָט מֶען גאָר נִיט גֶעזֶעהֶן, די לאָדֶען פוּן די נִידרִיגֶע הִילצֶערנֶע הייזֶער זֶענֶען גֶעווען אוּמֶעדוּם פַארמאַכְט. וואוּ־נִיט־וואוּ נאָר האָט זִיךְ פוּן אַ צוּבּראָכֶענֶעם לאָדֶען אַרויסגֶערִיסֶען אַ שמאָלֶער פַאס לִיכְט, אִין וועֶלכֶען עֶס האָבֶּען גֶעבלִישצֶעט די קליינֶע טראָפּעֶנס רֶעגֶען, פַאלֶענדִיג אויפ׳ן בּרוּק. אויפ׳ן מאַרק נאָר אוּן אויף 3—2 פאָרנֶעהמסטֶע גאַסֶען האָבֶּען גֶעבּרֶענט פאָנאַרֶען, וואָס האָבֶּען זֶעהר אָרִים בּעֶלייכְט די גאַסֶען, זייעֶנדִיג איינֶער פוּנ׳ם אַנדֶערֶען גאַנץ וויט. קיין לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענש אִיז נִישט גֶעווען צוּ זֶעהֶן. נאָר נֶע־בֶּען איין פאָנאַר אִין עֶק גאַס, וואוּ עֶס הויבּט זִיךְ אָן דעֶר מאַרק, אִיז גֶעשטאַנֶען אַ גאָרדאָוואָי, איינגֶעווִיקֶעלְט אִין אַ סאַראַטֶענֶעם רֶעגֶען־מאַנטעֶל אָהן אַרבֶּעל מִיט אַ קאַפּישאָן אִיבֶּער׳ן קאָפּ. די שיין פוּן פאָנאַר האָט קוֹים פִינף טרִיט אַרוּם זִיךְ בּעֶלייכְט דעֶם צוּ־בּראָכֶענֶעם בּרוּק, אָבּשפִּיגלעֶנדִיג זִיךְ אִין די קליינֶע לוּזשֶעס, אִין וועֶלכֶע די טראָפּעֶן רֶעגֶען האָבֶּען גֶעשפּרוּנגֶען, גֶעטאַנצְט, מאַכֶענ־דִיג קליינֶע בּלֶעזֶעלֶעךְ אוּן פִינקֶעלֶענדִיג קֶענֶען פייעֶר, פּוּנקט ווי זֵיי וואָלטֶען זִיךְ עֶפֶּעס גֶעשפִּיעֶלְט מִיט׳ן פאָנאַר.

אין מאַרק איז געװען שטיל און פינסטער. אויף איין עק מאַרק נאָר האָט זיך דורכ'ן טומאַן פון רעגען געצװינגען אַ לאַנגער פּאַס ליכט פון איין אָפענער קראָם. עס האָט זיך נאָר געהערט, װי פון די רעכער האָט אַראָבגערונען דאָס װאַסער און דאָס שװאַכע זװשען פון רעגען; זעלטען האָט זיך װאו-ניט-װאו געהערט אַ סקריפּ פון אַ טיר, אָדער פון ערגיץ װאו ניט װייט האָט זיך געבראַכט צו טראָגען אַ פערשטיקטער הוסט דורך אַ װאַנד פון אַ שטוב.

פון װייטענס האָט זיך געהערט אַ געהן אין בלאָטע פון גיכע, שװערע טריט; נאָך אַ פּאָר מינוט האָט זיך פון גרויען טונקעלען טומאַן פון רעגען אַרויסגערוקט עפּעס אַ נידעריגע פיגור, איינגעטולעט אין איין אַלטען מאַנטעל. די פיגורע האָט זיך געשאַרט אין מאַרק, און אַז די ליכט פון פּאָנאַר האָט עס שוין דערלאַנגט און בעלייכט, האָט מען געקענט בעמערקען, אַז דאָס איז געװען אַ אַלטיטשקער, אַרימער יודעל מיט אַ בעזאָרגט געזיכט, װאָס האָט עפּעס געטראָגען אונטערען פּאָלע, װעלכע איז שטאַרק אָבגעשטאַנען;

דער גאָרדאָװאָי, דערהערענדיג טריט, האָט זיך ניט װילענדיג אומגעקערט צו דער זייט, פון װאַנען זיי האָבען זיך געהערט, און האָט אַ קוק געטהון אויף דעם אַלטען, װעלכער האָט ערגיץ װי געהיילט. דער גאָרדאָװאָי האָט בעמערקט די אָבגעשטאַנענע פּאָלע, ער האָט זיך אַביסעל אויסגעגלייכט און אַ פרעגע געטהון:

— װער איז דאָרטען?

דער אַלטיטשקער האָט ניט געענטפערט, װי די װערטער װאָלטען ניט צו איהם געװען געװענדעט; ער האָט געהיילט װייטער פערביי דעם גאָרדאָװאָי.

— אַ, גדליקה! האָט אויסגערופען דער גאָרדאָװאָי, װען דער אַלטער האָט זיך מיט איהם אויסגעגלייכט — אין אַ רעגען-אַזוי שפּעט? װאָס טראָגסטו אונטערען פּאָלע, חאַרטש? — האָט ער געענדיגט מיט אַ שמייכעל.

דער אַלטיטשקער, אַנשטאָט אַ ענטפער, האָט אַ שאָקעל

געטהון מיט'ן קאָפּ און איז אַוועק ווייטער נאָך גיכער, ווי ער וואָלט געציטערט פאַר זיך אַליין, ער זאָל ניט אָבשטעלען זיך דאָ רעדען און פערזאַמען אַביסעל צייט; נאָר אָבגעהענדיג עטליכע טריט פון גאָרדאָוואַי, האָט ער זיך אומגעקעהרט מיטען געזיכט צום פאָנאַר, און האָט זיך אַביסעל אָבגעהאַלטען. עס האָט אויסגעוויזען, אַז איהם האָט זיך מיט אַמאָל פערוואָלט אַרויסזאָגען זיין פערדרוס, וואָס האָט אויך אויסגעדריקט זיין געזיכט.

— אַ גאַנצען טאָג האָב איך ניט געוואוסט — האָט ער געזאָגט מיט עפּעס אַ טענה צום גאָרדאָוואַי, גלייך ווי יענער וואָלט געווען שולדיג אין דעם, וואָס ער האָט ניט געוואוסט — איך האָב ניט געוואוסט... און דאָרטען מיט קליינע קינדערלעך... אַ גאַנצען טאָג האָבען זיי אין מויל ניט געהאַט, איך האָב זיך ערשט ניט לאַנג דערוואוסט ... נאָר וואָס שטעה איך דאָ! — האָט ער זיך פלוצלונג אַ חאַפּ געטהון — ביז איך האָב נאָך דאָס געקריגען... נאָך גוט וואָס ביי שלמה־פּרצ'ן האָב איך דערווייל געהאַפּט דאָס ברויט...

די לעצטע ווערטער האָט ער שוין גערעדט צו זיך אַליין, לויפענדיג ווייטער.

— גדל'קה! — האָט איהם געוואָלט אָבהאַלטען דער גאָרדאָוואַי, וועלענדיג אַ פנים אַביסעל פערטרייבען די צייט, נאָר גדליה, איז געלאָפען ווייטער, ניט אָברופענדיג זיך.

ער האָט זיך גענומען אין אַ צווייטע גאַס פון מאַרק. איבערלויפענדיג די גאַס, האָט ער זיך גענומען רעכטס אין אַ שמאָלע געסעל, איילענדיג אין דער פינסטערניש, האָט ער זיך שיער ניט צעקלאַבט מיטען שטערען אין אַ מענש, וועלכער איז איהם געגאַנגען אַקעגען.

— ר' גדליה? — האָט זיך ביי יענעם אָבטרעטענדיג אַביסעל, אַרויסגערופען פערוואונדערט מיט עפּעס אַ פרעהליכע שטימע.

— ר' שלמה? — האָט אויך דער אַלטער געפרעגט מיט אַ ניגון, און איז אַוועק ווייטער.

– מען שלאָפֿט דאָך שוין אומעטום, ר' גדליה, אַזוי שפּעט האָט איהר נאָך אַלעס „געשעפֿט". וועמען טראָגט איהר דאָס אין דער גאַס? – האָט יענער געפֿרעגט נייגעריג.

– הלואי וואָלט ניט געווען וועמען, ווי עס איז דאָ ווע־מען!... אַ גאַנצען טאָג האָב איך ניט געוואוסט – האָט געענטפֿערט דער אַלטער אויפ'ן גאַנג, זייענדיג שוין ווייט אין מיטען געסעל.

– ר' גדליה, וואַרט אַביסעל, גוט, וואָס איך האָב אייך בעגעגענט. קומט מאָרגען, וועל איך אייך זאָגען אַ שטוב, וואָהין צו טראָגען – האָט ר' שלמה נאָכגעשריגען.

– גוט, גוט, מאָרגען גאַנץ פֿריה וועל איך זיין ביי אייך – האָט דער אַלטער געענטפֿערט פֿון ווייטען און איז געלאָפֿען ווייטער.

אָבלויפֿענדיג היבשע עטליכע טריט נאָך ווייטער האָט ער זיך אויף אַ רגע אָבגעשטעלט נעבען אַ שטוב, האָט פֿעררייסען דעם קאָפּ, מאַטערענדיג זיך אין דער פֿינסטער צו דערקענען, אויב דאָס איז די שטוב, וואָס ער זוכט; ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף רעכטס, אויף לינקס און איז באַלד צוגעגאַנגען צו דער צווייטער שטוב און איז נאָך איהר אַריין אין אַ הויף, זעהענדיג דאָרטען אין דער פֿינסטער אַ טיר אין אַ נידעריג שטיבעל. באַלד האָט זיך גע־הערט עטליכע קלעפּ אין אַ טיר.

דער רעגען האָט אָנגעהויבען שטאַרקער גיסען. אין הויף איז געווען שטיל, עס האָט זיך געפֿיהלט, אַז אין די עטליכע הייזלעך, וואָס האָבען זיך דאָ געפֿונען – איז מען שוין געשלאָפֿען. נאָר פֿון דעם שטיבעל, נעבען וועלכען דער אַלטיטשקער איז געשטאַנען, האָט זיך געהערט אַ געוויין פֿון אַ זייג־קינד און פֿערשטיקטע, רעגעל־מעסיגע קלעפּ פֿון אַ וויגבעטעלע, וועלכע עס האָט אינוועניג זיך געקלאַפּט אין פּאָל. נאָך עטליכע קלעפּ אין טיר, האָט אַ סקריפּע געטהון אין שטיבעל אַ אינוועניגסטע טיר און דורך אַ פּאָר לעכער פֿון דרויסען־טיר און פֿון אונטערען דאַך האָט זיך אַרויסגעריסען אַ שיין אויפ'ן הויף.

— ווער קלאַפּט דאָס? — האָט געפֿרעגט אַ פֿרויען־שטימע פֿון אינעווייניג.

— דאָס בין איך, עפֿענט, ניט־קשה... איהר שלאָפֿט נאָך ניט?

— ווער איז דאָס? — האָט ווייטער איבערגעפֿרעגט די שטימע.

— דאָס בין איך...

— אַ, ר׳ גדליה! דאָס זענט איהר? — האָט יענע אויסגעשריען מיט אַזאַ טאָן, ווי זי וואָלט געזאָגט, אַז זי ווייס שוין, צו ליעב וואָס ער איז אַזוי שפּעט געקומען...

זי האָט אויפֿגעעפֿענט די טיר, האַלטענדיג אין האַנד אַ קליין לעמפּעל. גדליה האָט גלייך, ווי די טיר האָט זיך געעפֿענט, אָבגעזאָגט גוט־ניאָווענט און איז היילענדיג כמעט אַריינגעלאָפֿען אין שטוב. ביי דער שוועל האָט ער זיך אויף איין רגע אָבגעשטעלט, בעטראַכטענדיג די גאַנצע שטוב און זוכענדיג עפּעס מיט די אויגען; און איידער די פֿרוי האָט צוגעמאַכט די טיר און איז אַריין אין שטוב — האָט ער גיך אַרויסגעשלעפּט פֿון אונטערען פּאָלע אַ גרויס ברויט, פֿון קעשענע צוויי קליינע פּעקעלעך, איינגעוויקעלט אין פֿערשריבען פּאַפּיר, און האָט דאָס אַוועקגעלעגט אויף אַ קאַסטען, וואָס איז געשטאַנען לינקס פֿון טיר, מיט אַ שרעקליך היילעניש, וועלענדיג דאָס אַלעס אָבמאַכען, איידער די פֿרוי וועט אַריין אין שטוב. אַז די פֿרוי איז אַריין מיט׳ן לעמפּעל אין האַנד, האָט ער גאַנץ ערענסט אָבגעטרייסעלט פֿון זיך דעם רעגען און האָט עפּעס, ווי פֿאַר זיך, געברומט:

— אַ גאַנצען טאָג גיסט ווי פֿון אַ פֿאַס!

— יאָ, עס האָט זיך פֿערגעגענט — האָט געענטפֿערט די פֿרוי, און האָט, ניט ווילענדיג, געוואָרפֿען אַ גע׳גנב׳טען קוק אויף דעם קאַסטען, פֿון וועלכען עס האָט זיך פֿאַנאַנדער־געשפּרייט איבער דער גאַנצער שטוב אַ געשמאַקער ריח פֿון פֿריש ברויט. זי איז רויט געוואָרען ביז די אויערען און האָט זיך געשווינד אומגעקעהרט מיטען רוקען צום אַלטיטשקען, אַוועקגעשטעלט דאָס לעמפּעל אויפֿ׳ן טיש.

אי – דאָס קינד! – האָט זיך בײַ איהר אַרויסגעריסען און זי איז צע־טראָגען, מיט אַ רויט, פּערשעמט געזיכט, אַוועקגעלאָפען אין קאַמער, וואו עס האָט, ווי אין אַ גלאָק, געשריען אַ קליין נפש׳ל, מאָנענדיג זיינס מיט קולות.

– מ־מום, מ־מום – האָט דאָס קינד באַלד דאָרט צופריעדען געברומט, האַלטענדיג די ברוסט אין מויל, ווי עפּעס קלאָגענדיג זיך פאַר דער מוטער, וואָס מען פערגעסט אין איהם...

גדליה האָט אָנגעשטרענגט די אויגען אין טיר פון קאַמער, וואָהין די פרוי איז ערשט אַרײַנגעלאָפען, און האָט אין גאַנצען קערפּער אויסגעדריקט עפּעס אַ ישוב־הדעת, ווי ער וואָלט זיך מישב געווען מיט זיך, פרעגען צו ניט. ער האָט עפּעס אונטערגע־ברומט, האָט אַ הוסט אַ געטהון און האָט ניט זיכער געזאָגט:

– איך האָב געוואָלט בײַ אײַך פרעגען, וואָס שרײַבט אײַך „אײַערער" פון אַמעריקאַ, איך האָב...

ער האָט זיך אָבגעהאַקט, און האָט געוואַרט מיט אַ אָפּענעם מויל צום קאַמער... פון קאַמער איז ניט געווען קיין ענטפער.

– ג ר ר ר א־ג ר ר א!... – האָט גלײַך, ווי עפּעס ענטפע־רענדיג אָנשטאָט דער מוטער, צעשריען זיך דאָרט דאָס קליינע נפש׳ל. די מוטער האָט איהם דאָרטען געטרייסט, זאָגענדיג, אַז זי גיט איהם גלײַך די אַנדערע ברוסט, און בעקומענדיג זי, איז ער ווירקליך אויף אַ קורצע צײַט אַנשוויגען געוואָרען, נאָר באַלד אָבער אַרויס לאָזענדיג די ברוסט, האָט ער ווײַטער גענומען שרײַען.

דער אַלטער האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס, ווי ער וואָלט עפּעס ניט פערשטאַנען דעם קליינעם נפש, וואָס האָט אַזוי קיין שכל ניט. ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, געעפענט דאָס מויל און האָט קענטיג געוואָלט פרעגען: פאַר וואָס וויינט דאָס קינד? נאָר ער האָט, אָנשטאָט פרעגען, אַ שאָקעל געטהון מיט׳ן קאָפּ, און האָט וואַהרשיינליך זיך אַליין מיט דעם געענטפערט אויף דער שאלה. ער האָט זיך גלײַך אומגעקעהרט און האָט גענומען

געהן צום טיר, נאָר אין וועג האָט זיך איהם פערוואָלט א קוק טהון אויף דעם קליינעם ווייסען אלמערעל, אויף וועלכען עס זענען גע-שטאנען קליינע טעפּלעך, קריגלעך, א בלעכענע קוואָרט אויף זאלץ מעסטען, א בלעכען קעסטעל פון קאָנפעקטען, וואָס איז נאָך דאָ געבליבען א זכר פון'ם קרעמעל, וואָס דער בעל-הבית האָט געהאט מיט ניט קיין לאנגע צייט צוריק. דער אלטער האָט מיט גרויס נייגעריגקייט אריינגעקוקט אין אלע טעפּלעך, אין אלע קריגלעך; אלע זענען כמעט געווען פוסטע און האָבען נאָר געלאָזען סמנים מיט'ן דיה, אָדער מיט די פערשמירטע ברעגען, פון דעם וואָס אין זיי האָט זיך פריהער געפונען; אין איין טעפּעל נאָר איז נאָך געבליבען אביסעל ווייס דין זאלץ, און אין קעסטעל פון קאָנפעקטען איז געווען אויפ'ן דעק אביסעל פערלענע גרויפען. נאָך יעדען טעפּעל, וואָס ער, דער אלטער, האָט בעטראכט, האָט ער געגעבען א שאָקעל מיט'ן קאָפּ, אָדער א קוועטש מיט די פּלייצעס. דערנאָך איז ער צוגעגאנגען צו דעם גלעזערנעם אלמערעל, וואָס איז געשטאנען אויפ'ן קאָמאָד, און האָט דורכ'ן גלאָז געגומען אלעס בעטראכטען וואָס דאָרט געפינט זיך. א היבש ביסעל צייט איז ער געבליבען שטעהן פערטראכט.

אין דער צייט, ווען דער אלטיטשקער איז אזוי געשטאנען פערטראכט, האָט זיך פון קאמער ארויסגערוקט שטילערהייט א דאר יונגעל פון א יאָהר אכט אין איין קורץ העמדעל, און האָט זיך צוגעשטעלט אין טיר, בעטראכטענדיג דעם אלטיטשקען פון קאָפּ ביז די פיס מיט א קינדערישע נייגיעריגקייט. איהם האָט זיך פערוואָלט זעהן, ווער איז דאָס געקומען אין שטוב. א פּאָר מינוט איז ער געשטאנען ווי א סטאטוע און האָט ניט אראָבגענומען די אויגען פון אלטען; נאָר מיט אמאָל זענען זיינע אויגען איבערגע-גאנגען פונ'ם אלטען אויפ'ן קאסטען און זענען געבליבען שטעהן אויפ'ן ברויט. ער האָט ווייטער א קוק געטהון אויף דעם אלטיטש-קען מיט אזא בליק, ווי ער וואָלט וועלען טרעפען: אין זיין פּאָזע,

צו וועט ער זיך נאָך לאַנג ניט אומקעהרען. געפינענדיג וואַהרשיינליך אַז נײן, איז ער ניט גאָר זיכער, גנב'ענענדיג זיך ווי אַ קאַץ, צוגענאַנגען צום קאַסטען. שטעהענדיג דאָרט, האָט ער עטליכע מאָל געוואָרפען אַ קוק פון ברויט אויפ'ן אלטען, פון אַלטען אויפ'ן ברויט, פיהלענדיג עפּעס צווישען זיי אַ מין שייכות, און וועלענדיג דאָס אַ פּנים טרעפען.

דאָס יונגעל האָט גענומען בעטראַכטען דאָס ברויט פון אַלע זייטען, גלייך ווי ער וואָלט אין לעבען קיין גאַנצען ברויט ניט געזעהן. ער האָט אויך געפּרופט אפילו מיט'ן פינגער אַ טאַפּ טהון מיט עפּעס אַ ליבע, פיהלענדיג וואַרשיינליך אין דעם אַליין אַ געוויסען פערגעניגען. אָדער וועלענדיג זיך ערקונדיגען, צו איז עס אַ פרישׁ, ווייכס. ער האָט אויך פאָרזיכטיג אַ טאַפּ געטהון די 2 פּאַפּירענע פּעקעלעך, און האָט אָבער גלייך מיט שרעק צוגעחאַפּט דעם פינגער, אַז דיזעס פּאַפּיר האָט אַ שאַסטע געטהון, ווען ער האָט זיך צו דעם געריהרט, און האָט גלייך צעטראָגען, פערשעמט, אַ קוק געטהון אויף דעם אַלטען.

בערוהיגענדיג זיך, אַז דער אַלטיטשקער האָט גאָר נישט געהערט, האָט ער זיך אומגעקעהרט צו איהם מיט'ן פּלייצע און האָט, ווי עפּעס שפּילענדיג, ווי עפּעס פון פערטראַכטקייט, אָנגעשיפּעט אַ קליין שטיקעל ברויט פון דער ווייכער זייט, ווי דאָס ברויט איז, קענטיג, געווען צוגעוואַקען צו נאָך אַ ברויט, און האָט געלאָזען, אויך ווי שפּילענדיג זיך, אַליין ניט בעמערקענדיג – אַריין געוואָרפען דאָס שטיקעל ברויט זיך אין מויל, און האָט עס אַזוי, ניט קײענדיג, אַראָבגעשלונגען, דאָס אַנדערע שטיקעל ברויט האָט ער שוין פאָרזיכטיג צוקייט, חאַפּענדיג בשעת-מעשה בגנבה אַ קוק אויף דעם אַלטען. צום דריטען שטיקעל ברויט איז ביי איהם אַ פּנים געבליבען זיכער, אַז דער אַלטער וועט נאָך לאַנג זיך ניט אומקעהרען, און ער האָט שוין מיט וויינִיגער פערטראַכטקייט געטשיפּעט איין שטיקעל ברויט נאָך דעם אַנדערען...

אין קאַמער האָט זיך דאָס קינד אַביסעל בערוהיגט, און די מוטער האָט עס אַריינגעלייגט אין וויגעלע אין געלאָסען געוויינט.

— מאַמע! — האָט אין קאַמער אַ קינדערש קול׳כעל געזאָגט מיט פּרעטענזיע — מאַמע! חיים איז אַרויסגעגאַנגען, און האָט מיר אָבגעדעקט. מיר איז קאַלט.

— מיר איז אויך קאַלט, די קאָלדרע האָט זיך ביי מיר אַראָבגערוקט. מיר ווילט זיך עסען! — האָט זיך געהערט נאָך אַ קינדערש קול׳כעל פון אַ אַנדער ווינקעל.

— שאַ, קינדער, איך וועל אייך גלייך צודעקען — האָט געזאָגט די פרוי שטיל, קוים וואָס מען האָט געקענט הערען, געבענדיג מיט דעם די קינדער אָנצוהערניש, זיי זאָלען ניט רעדען הויך — מיר וועלען באַלד עסען וועטשערע — האָט זי געענדיגט.

— חיים! — האָט זי גלייך געזאָגט העכער: — וואָהין ביסטו אַראָב אַ הוילער, דו וועסטו זיך נאָך חלילה פערקיהלען.

גדליה האָט ערשט איצט בעמערקט אין שטוב דאָס יונגעל אין איין העמדעל. ער האָט געמאַכט אַ ערענסטע מינע.

— ס׳טייטש, ווי געהסטו דאָס אַראָב אַ הוילער, דו וועסט זיך נאָך חלילה פערקיהלען — האָט ער איבערגע׳חזר׳ט דער פרוי׳ס ווערטער.

חיים האָט זיך פערשעמט און האָט געוואָלט אַוועקגעהן אין קאַמער, נאָר דער אַלטער האָט איהם אָבגעהאַלטען און שטילערהייט געפרעגט:

— זאָג מיר, מיין קינד... מען רופט דיר חיים... זאָג מיר, חיימ׳קע, וואָס שרייבט דיר טאַטע?...

— דו ווילסט עסען? — די לעצטע ווערטער האָט ער גאָר אָבגעחאַפּט.

דאָס יונגעל האָט פערשעמט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, אין מויל איז נאָך ביי איהם געלעגען ניט קיין צעקייטער ביסען, ער האָט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ אין אַ זייט און האָט געשווינד אַראָב־

געשלונגען דעם ביסען, געבענדיג נאך דעם א פאלשען הוסט, וועלענדיג דערמיט אבנארען דעם אלטען.

— וואס שרייבט דער טאטע? — האט ווייטער דער אלטער שטיל געפרעגט

— דער טאטע שרייבט אז: אם־ירצה־השם איצטער וועט ער אנהויבען פערדינען געלד און וועט אונז ארויסשיקען געלד, — האט חיים איבערגעזאגט וואָרט אין וואָרט, ניט פערגעסענדיג אפילו דעם „אם־ירצה־השם" ווי די מאמע האט איהם געזאגט ניט איין־מאל, ווען זי האט בעקומען א בריעף, און ער האט זיך א טרייסעל געטהון מיט'ן גאנצען קערפער פון קעלט.

דער אלטער האט פערשטאנען, אז ער איז דא איבעריג. ער האט זיך אביסעל א קראץ געטהון, ארומגעקוקט אלע ווענד, א קוק געטהון אין דער קאמער־טיר געזאגט „א גוטע נאכט", און איז אוועק. אויפ'ן שוועל פון טיר האט ער זיך אביסעל אבגעשטעלט, ווארטענדיג אויף דעם „גוטען־יאהר"; נאר פון קאמער האט זיך קיין וואָרט ניט געהערט, דאס יונגעלע האט ווי פריהער גלייך, רעגעלמעסיג געקלאפט אין פאל.

— א גוטע נאכט! — האט ער גיך געזאגט נאך אמאל האס־טיג, און ניט ווארטענדיג אויף ענטפער, האט ער הינטער זיך צוגעמאכט די טיר.

— וואס ביסטו דאס ארויב א הוילער אין איין העמדעל! — האט זיך געהערט תיכף דער פרוי'ס שטימע.

— מאמע! אין שטוב איז דא ברוי'ט - האט חיים מיט שמחה געזאגט אנשטאט א ענטפער — ווער האט דאס געבראכט?

— מאמע, מיר ווילט זיך עסען! — האט נאך א קול'כעל גע־זאגט גלייך נאך חיים'ס ווערטער.

— איהר האט גאר ניט געשלאפען? — האט די מוטער זיי געפרעגט, ווי זי וואלט ניט געהערט ניט חיים'ס ווערטער, ניט די אנדערע בקשה.

— איצטער וועלען מיר עסען וועטשערע, מאַמע? — האָט חיים ווייטער געפרעגט.

— מען האָט דאָך היינט קיין וועטשערע ניט געקאָכט — האָט געזאָגט דאָס אַנדערע קינדעריש קול'כעל.

— א טרונק! — האָט אַ נײַ קינדעריש קול'כעל געבעטען פון שלאָף.

— אָט וועלען מיר גלייך עסען וועטשערע, זייט נאָר רוהיג, קינדער, נאָך אַ רגע, איך וועל אויפקאָכען טײַ, וועלען מיר עסען וועטשערע... איהר האָט גאָר ניט געשלאָפען? — האָט זי געזאָגט מיט אַ פערשטיקט קול און האָט אַ טיעפען זיפץ געטהון.

— אַ טרונק! — האָט שוין איצט שטאַרקער געבעטען אַ שטימע פון אַ דריי-יאָהריג קינד.

— אויפ'ן פענסטער שטעהט דאָרטען אַ גלאָז וואַסער, גיב איהם, חיים!.. האָט זיך געווענדעט די מוטער צו חיים'ען.

— מאַמע! מיר האָט מען געלאָזען וועטשערע? — האָט איבער-געשלאָגען דער מוטער די זעלבע יונגע שטימע, וואָס האָט געטהון אַ טרונק.

— יאָ — מיין קינד, זייט דאָ, איך וועל געהן אויפגקאָכען טײַ... גאָט צו דאַנקען משה'לע האָט זיך בערוהיגט און שלאָפט. ער איז נעביך אויך אַ הונגעריגער, האָט זיך נעביך פערמאַטערט שרייענדיג און איז איינגעשלאָפען געוואָרען, געצויגען ליידיגע ברוסט, אַז אָך און וועה מיין מזל

זי איז אַריין אין שטוב. מיט ציטעריגע העגד און מיט אַ פערשעמט און אין דערזעלבער צייט אויך גליקליך געזיכט, האָט זי אוועקגעלעגט דעם ברויט אויפ'ן טיש, האָט פאַנאַנדער גענומען די פאַפירלעך, אין וועלכע זי האָט געפונען אין איינעם אַ שטיקעל צוקער ביי אַ פירטעל פונט, אַ ביסעל טײַ און זילבערע 20 קאָפּיקעס, אין דעם צווייטען אַ פירטעל פונט פרישע פוטער, זי האָט זיך אָבּ-געקעהרט פון טיש און איז צוגעאַנגען צום פריפעטשיק צעלעגען

פֿײַער; שטעהענדיג נעבען פֿײַער האָט זי אָפטער מיט׳ן פֿאַרטוך געווישט די אויגען...

אין קאַמער האָבען דערווײַל די קינדער גערעדט גאַלע צוזאַמען. חיים האָט זיי דערצעהלט, אַז גדליה דער הײַשעריק (ווי מען האָט איהם אין שטאָדט גערופֿען) איז געווען ערשט אין שטוב, און אַז אויפֿ׳ן קאַסטען ליגט ברויט און „עפּעס" אין פּאַפּירלעך אײַנגעוויקעלט. אויף זײַנע יונגערע ברידער׳ס פֿראַגע: וואָס ליגט אין די פּאַפּירלעך און ווער האָט געבראַכט דעם ברויט, האָט ער זיי ניט געקענט ענטפֿערען אויף געוויס. באַלד איז אַריבער דער שמועס וועגען עסען, און חיים האָט זיך דערווײַל בערימט פֿאַר די ברידער און פֿאַר דער קלײַנער שוועסטער, אַז ער האָט באַקי אַ גאַנצען טאָג ניט געגעסען פֿון אָנבײַסען אָן און איהם איז דאָס גאָר נישט, ער איז נאָך געגאַנגען אין חדר, ער וואָלט נאָך געקענט מאָרגען אויך ניט עסען, אַז ער זאָל נאָר וועלען, אין דער צײַט ווען די יונגערע ברידער מיט דעם שוועסטער׳ל האָבען בײַ טאָג געגעסען צו איין בייגעל.

-- איך האָב מײַן בייגעל גאָר ניט געגעסען, איך האָב איהם ניט געקענט צעקײַען -- האָט געזאָגט איין ברודער׳ל.

-- איך האָב אויך ניט געקענט עסען -- האָט אינטערגעחאַפּט זײַן שוועסטערעל -- ער איז געווען אַ האַרטער.

חיים האָט זיך מעהר ניט געשפּאַרט, ער האָט זיך וואַהרשײַנליך דערמאַנט, אַז גאָך וואַרמעס, אין חדר, האָט ער אויפֿגעגעסען אַ שטיקעל ברויט מיט קעז, וואָס ער האָט גענומען בײַ אַ יונגעל אײַן אויפֿגאָב פֿאַר דער „אַמעריקער" מאַרקע, וואָס ער האָט נוגעזאָגט געבען פֿון טאַטענס בריעף. ווען עס וועט אָנקומען.

– מיר האָט טאַקי הײַנט די מאַמע געזאָגט, אַז דערפֿאַר אַז עס וועט אָנקומען געלד פֿון טאַטען, וועט זי מיר קויפֿען אַ קלײַדעלע – האָט געזאָגט פּלוצלונג די שוועסטער.

– אינז נײַע היטעלעך! – האָבען אונטערגעחאַפּט די ברידער.

— אַזוי! די מאַמע האָט געזאָגט, אַז נאָר מיר אַליין אַ קליידעלע.

— זי נאָר מיט איהרע קליידעלעך! — האָבען די ברידער געזאָגט מיש פערדרוס.

— מיר אַ ביקסעלע! — האָט אויך געזאָגט דאָס דריי־יאָהריג ברודער׳ל.

די מוטער איז ביי די ווערטער אריין אין קאַמער, זי האָט זיך איינגעבויגען פאַרזיכטיג איבער׳ן וויגעלע, האָט אַ קוק געטהון אויף דעם שלאָפענדיגען משה׳לען, האָט פערריכט אַביסעל די קאָלדרעטשקע און האָט אַרויסגעלאָזען אַ זיפץ.

— דו ווערסט מיר קויפען אַ ביקסעלע, מאַמע? — האָט געזאָגט דאָס קליין ברודער׳ל.

— ווען וועלען מיר עסען? — האָבען געפרעגט די איבריגע קינדער אין איין קול.

— מאָרגען, מיין קינד, וועל איך דיר קויפען אַ ביקסעלע... טהוט זיך אָהן, קינדער, און גיסט אָב נעגעל־וואַסער, וועלען מיר גלייך עסען. די טיי האָט שוין אויפגעקאָכט.

אַ פרעהליך געשריי האָט זיך אַרויסגעריסען פון אַלע קינדער, זיי האָבען זיך מיט שמחה געשווינד אויפגעהויבען אויף די בעטען און האָבען אין דער פינסטער גענומען זוכען זייערע זאַכען און זיך אָנטהון, העלפענדיג איינס דאָס אנדערע.

אין עטליכע מינוט אַרום זענען שוין אַלע קינדער געזעסען אַרום טיש; נעבען דער מוטער איז געזעסען פון איין זייט ציפקע און שלמה׳קע די יונגערע, אַנטקעגען איז געזעסען חיים מיט אַברהמ׳לען, די עלטערע, וואָס געהען שוין אין חדר. אַלע האָבען געגעסען מיט אַ זעלטענעם אַפּעטיט שטיל, ניט רעדענדיג אַ וואָרט. עס האָט זיך געפיהלט איצטער אין שטוב דער זעלבער רוהיגער, גליקליכער אויסדרוק, ווי נאָך אַ תענית.

— מאַמע! און וועטשערע האָסטו געקאָכט? — האָט געפרעגט

שלמה׳קע, אַז ער האָט זיך אָבגעפּאַרטיגט מיט׳ן שטיק ברויט מיט פּוטער אין מיט דער גלאָז טײַ.

— הײַנט האָט מען קיין װעטשערע ניט געקאָכט — האָט איהם געענטפערט חיים.

— מאָרגען אם־ירצה־השם װעל איך שוין קאָכען אויך װעטשערע, איך װעל אײַך דערפאַר געבען צו פּופּיקלעך — האָט געזאָגט די מוטער, און פון די אויגען האָבען זיך געקװיקעלט טרערען, פיהלענדיג, אַז זי זאָגט אַ ליגען...

— פאַר װאָס האָסטו, מאַמע, הײַנט קײַן װאַרמעס ניט געקאָכט? האָט געפרעגט װײַטער שלמה׳קע.

— די מאַמע האָט קײַן געלד ניט געהאַט — האָט געענטפערט די קלײַנע ציפּקע.

— מאַמע! װאָס האָט דאָ געטהון גדליה דער... האָט געפרעגט חיים און דאָט זיך אָבגעהאַקט, ער האָט געװאָלט זאָגען: „דער הײַשעריק”, נאָר ער האָט עפּעס געפיהלט, אַז איצטער דאַרף מען דאָס ניט זאָגען.

די מוטער דאָט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ, װי בעהאַלטענדיג דאָס פּנים פאַר בושה.

— נו איצטער, קינדער, געהט שלאָפען — האָט זי געזאָגט נאָך אַ שטיקעל צײַט, צונעמענדיג פון טיש די גלעזער — איהר האָט זיך, דאַנקען גאָט, אָנגעגעסען, מאָרגען װעל איך... — זי האָט ניט געענדיגט, די װערטער האָבען זיך איהר געשטעלט אין האַלז.

— מאָרגען װעסטו קאָכען קנײדלעך צו װעטשערע, האַ, מאַמע? — האָט געפרעגט ציפּקע.

— יאָ, מײַן קינד. געהט דערװײַל שלאָפען.

— װאו װעסטו נעמען מאָרגען געלד? — האָט מיט נײַגעריגקײַט, ערענסט געפרעגט אַברהמ׳על.

— דאָס קינד, דאַכט זיך, צובעט זיך? — האָט געזאָגט די

מוטער און איז געשווינד אַוועק אין קאַמער, ניט ענטפערענדיג אַברהמ׳לען אויף זיין פראַגע.

— אַזוי, די מאַמע האָט געלד — האָט געענטפערט די קליינע ציפּקע, קוקענדיג מיט פערדרוס אויף אברהמ׳לען.

די קינדער זענען געבליבען זיצען ביים טיש. דער קליינער שלמה׳קע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין טיש און איז אַנשלאָפען געוואָרען. אַברהמ׳ל האָט געפרעגט חיימ׳ען: וואָס האָט דאָ געטהון דער ייד? חיים האָט געזאָגט, אַז די מאַמע האָט מסתמא געקויפט ביי איהם דעם לעבעל ברויט. ציפּקע האָט געזאָגט, אַז די מאַמע האָט טאַקי געלד, אַז זי האָט געקויפט דעם ברויט און מאָרגען וועט מען קאָכען אַרבעס מיט קניידלעך. אַברהמ׳ל האָט אַלץ געוואָלט דערגעהן, פאַר וואָס האָט מען היינט ניט געקאָכט וואַרמעס און פאַר וואָס האָט די מאַמע ניט געוואָלט ביי טאָג אין קרעמעל באָרגען בייגעל... חיים האָט געוואָלט אויף דעם עפּעס ענטפערען אַברהמ׳לען, נאָר מיט אַמאָל האָט זיך פון קאַמער דער־הערט אַ פערשטיקטער חליפּען פון דער מוטער.

— די מאַמע וויינט! — האָט מיט שרעק געזאָגט ציפּקע.

די קינדער האָבען זיך צוגעהערט, האָבען זיך מיט שרעק אי־בערגעקוקט איינס דאָס אַנדערע אין די אויגען, זענען אַזוי גע־בליבען זיצען עטליכע מינוט. ציפּקע האָט אָנגעבלאָזען די ליפּען, האָט אַ קוק געטהון אויף אַברהמ׳לען, אויף חיימ׳ען, ביי וועלכע עס האָט זיך געטרייסעלט די אונטערשטע ליפּ און אין די אויגען האָבען געבלישצעט טרערען, — און האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט אויפ׳ן קול, צוטולענדיג זיך צו די צוויי ברידער. די ברידער האָבען זיך נאָך מעהר פערלאָרען, זענען בלייך געוואָרען און האָ־בען געציטערט ווי פון שרעק.

— וואָס וויינסטו, מיין טאָכטער? — האָט זיך פון קאַמער גע־הערט דער מוטער׳ס פערוויינטע שטימע. זי איז גלייך אַריין אין

שטוב, די אויגען איהרע זענען געווען פערוויינטע. — וואָס איז דיר, מיין טאָכטער?

זי האָט זיך געמאַטערט צוגעבען איהר קול מעהר פרעהליכ־קייט. נאָר ציפּקע, בעמערקענדיג דער מאַמעס פערוויינט פּנים, איז גלייך צו איהר צוגעלאָפען און קוקענדיג איהר גלייך אין פּנים, האָט זי נאָך מיט מעהר ביטערקייט זיך צעוויינט און איז צוגעפאַלען צו דער מוטערס פיס, אנגעמענדיג זיך אין קלייד. די מוטער האָט זי גענומען אויפ'ן האַנד און איינהאַלטענדיג זיך אליין מיט'ן גאַנ־צען כח פון וויינען, האָט זי איהר געזאָגט:

— וואָס וויינסטו, נאַר'עלע, קום, מיר וועלען געהן שלאָפען, מיר וועלען היינט ביידע שלאָפען.

ציפּקע האָט אַ קוק געטהון דער מוטער אין די אויגען.

— וועסטו ניט וויינען מעהר, מאַמע? — האָט זי דורך טרערען געפרעגט דער מוטער.

— ניין, מיין טאָכטער! האָט די מוטער קוים אויסגערעדט, איינהאַלטענדיג זיך פון טרערען און האָט זי אַ קוש געטהון...



# אַשְׁטֶעלֶע.

---

(מאָנאָלאָג).

... האָב איך, זאָג איך אײַך, געשווינדעלט מיט מײַן נרן, גערעדעט און געשווינדעלט, ביז איך האָב אויסגעשווינדעלט אויף נקי־חאָטש נעהם און וואַרף זיך אַרײַן אין טײַך מיט דער ווײַב מיט דעם צוויי־יאָהריגען קינד! טילא, פערשטעהט איהר דאָך, אַז עס הויבען אָן דאַן אַרײַנצוקומען צו מיר די אַגענטלעך וועגען אַמעריקאַ: היות, יונגער מאַן, מאַכט ניט קיין שהיות און פאָהרט אין אַמעריקאַ! איז אָבער וויל דאָס מײַן ווײַב'ל, זאָג איך אײַך, גאָר ניט לײַדען. וואָרום וואָס, זאָגט זי, איז דער גאַנצער לעבען אונזערער, אַז אין די בעסטע יאָהרען זאָל מען שוין זײַן פאַנאַנדערגערסען איבער זיבען ימים ... בעסער, זאָגט זי, פאָהר־אונטער אין מינסק צום סוחר בעטען זיך אויף אַ שטעלע פאַר אַ נאמן אין וואַלד אין דעם נײַעם עסק. דער סוחר, זאָגט זי, האָט אַמאָל געוואָהנט בײַ אונז אין שטעדטעל פאַר דער גרויסער שׂרפה און קען גוט מײַן טאַטען.

בין איך זיך מישב, אַז אַזוי ווי קיין גרויסע תּורות צו זײַן אַ נאמן דאַרף מען ניט האָבען, מעהר ניט אַ ביסעלע געזונד און אַ פּאָר וואַרימע וואָליקעס מיט אַ באַשליק – איז נעהם איך טאַקע גלײַך נאָך ראש השנה און פאָהר אין מינסק צום סוחר.

געקומען צום סוחר, שטעה איך אין קיך און וואַרט, וואַרט

און שטעה, בּיז גאָט גיט, עס געהט אַרויס די מאַדאַם אַליין אין קיך פערזוכען די פיש, און אַז זי דערזעהט מיך, טהוט זי אָן די פאַנסנע און פרעגט מיך, וואָס וויל איך דאָ? – זאָג איך, אַז איך בין דאָס דעם האַמישקער חזנ׳ס אַ איידעם און האָב אַ בריוועלע צו ר׳ שמשון-שלמה. – זאָגט זי צו דער קעכין, אַז זי זאָל צושיטען אַ ביסעל פעפער צו די פיש, און געהט אַוועק.

שטעה איך ווייטער, בּיז עס קומט ווידער אַרויס די מאַדאַם פערזוכען די פיש, טהוט אָן די פאַנסנע און פרעגט מיך ווייטער, וואָס דאַרף איך דאָ? זאָג איך אויך ווייטער, אַז איך בין דאָס דעם האַמישקער חזנ׳ס אַ איידעם און האָב אַ בריוועלע צו ר׳ שמשון-שלמה. – זאָגט זי צו דער קעכין, אַז זי זאָל אין צוויי מינוט אָבּ-לעשען די פיש – און נאָכהער זאָגט זי צו מיר, אַז ר׳ שמשון-שלמה איז היינט זעהר פערנומען, זאָל איך מוחל זיין מאָרגען...

אויף מאָרגען שטעה איך בּיי אַ שעה, ערשט עס געהט אַריין ר׳ שמשון-שלמה אַליין מיט אַ פערלאָשענעם ציגאַר אין מויל זוכען אַ זאַפּאַלקע, גשה איך שוין צו צו איהם און זאָג מיט איין אָטעם: היות מרוני ר׳ שמשון-שלמה, איך בין דאָס דעם האַמישקער חזנ׳ס אַ איידעם און האָב צו אייך אַ בריוועלע. שטעלט ער אויס די הענד נאָכ׳ן בריוועלע, און אַז ער לייענט עס איבער – זאָגט: ער אַ, קום אַריין מאָרגען, – און געהט אַוועק.

אויף מאָרגען בין איך שוין בּיי זיך געוועזען שטייפער אין קיך, און זאָג דער קעכין, אַז מרוני ר׳ שמשון-שלמה אַליין האָט מיר געהייסען היינט קומען. זאָגט זי מיר: נו איז גוט, זייט איהר דאָך געקומען, און לאַכט... קורץ, עס זענען אַריין אין קיך די מאַדאַם מיט איהר זוהן, און אַז זיי דערזעהען מיר, איז די מאַדאַם טהוט אָן ווי דער שטייגער די פאַנסנע און דער זוהן פרעגט מיך, וועמען דאַרף איך דאָ? זאָג איך אָב אויף גיך מיין נוסח: אַז איך בין דאָס דעם האַמישקער חזנ׳ס אַ איידעם און אַז איך האָב געהאַט אַ בריוועלע, און אַז ר׳ שמשון-שלמה אַליין האָט מיר נעכטען געהייסען

קומען אַהער, און אַז איך שטעה שוין דאָ אַ פּאָר שעה, זאָגט ער: גוט, — און געהט אַוועק.

קורץ, גאָט האָט געהאָלפען און אין צוויי טעג אַרום האָט מיר ר׳ שמשון־שלמה אַריינגערופען צו זיך אין צימער און פרעגט מיר, ערשטענס, צי וועל איך טויגען דערצו? זאָג איך, אַז איך האָב אַ פּאָר גוטע וואָליקעס מיט אַ באַשליק, לאַכט ער אַביסעל און זאָגט, אַז אַפילו עס בעטען זיך ביי איהם אויף דער שטעלע עטליכע געניטע בחורים׳לעך, און אַ בחור׳ל האָט ער מעהר ליעב ווי אַ יונגען מאַן, נאָר אַזוי ווי ער קען מיין שווער, וועט ער מיר מסתּמא צונעהמען אויף דער שטעלע און וועט מיר געבען שכירות דריטהאַלבען רובל אַ וואָך אויף מיינע אייגענע קעסט. איז דאָס מיר אַפילו זעהר אַנגענעהם, און פון דעסטוועגען הויב איך אָן אַ ביסעל צו קווענקלען, אז דריטהאַלבען רובל אַ וואָך איז ווענינגלעך מיט אַ ווייב און מיט אַ קינד פון צוויי יאָהר, און דאָס איך אַליין בין אָהן עין־הרע אַנ׳עסער. — זאָגט ער, אַז איך בין אַ נאַרישער ייד, אַז איך רעד אַזעלכע נאַרישקייטען, און אַז איך זאָל נאָך סוכּות קומען אַהער אין מינסק למעה״ש — און געהט אַוועק. קלער איך אין האַרצען, אַז דאָס איז אויך גוט, ווי מיין ווייב זאָגט: אַבי אַ פּיסעל אַריינשטעלען, וועגען זיך אָב, געה אַריין אין קיך, נעהם פערשפּילען די קנעפּלעך און וויל שוין געהן צום טיר — לויפט אַריין ר׳ שמשון־שלמה׳ס עלטערער איידעם און בעט מיר וואַרטען אַביסעל, ווייל ער האָט זיך דערמאָנט, אַז איך בין גאָר אַ גוטע געלעגנהייט איבער צו געבען אַ בריוועלע דעם פריץ פון אונזער שטעדטעל, און ווייל עס איז פון שטעדטעל נאָר עטליכע וואָרסט, וועל איך דאָס אַזוי שפּאַצירענדיג אַוועקטראָגען. זאָג איך: פאַר וואָס ניט, מיט׳ן גרעסטען פערגעניגען. איך וועל מיר, זאָג איך, טאַקי שפּאַצירענדיג צוגעהן. דערווייל קומט־אַריין אויך דער יונגערער איידעם, און בעט מיר שוין אויך טהון איהם די טובה: פאַר איין גאַנג ברענגען איהם פון לעסנער דאַטשע די פידעל זיינע, וואָס

ער האט דארטען פערגעסען. דאס איז, זאגט ער, פון האמישאק סך הכל צוועלף ווארסט. דערוויל לויפט־ארײן דעם סוחר'ס זוהן און בעט מיר אויך א טובה: ארײנגעהן צו איהם, וועט ער מיר געבען טאלאנעס פון שקלים פאר דעם האמישקער מורשה, און אגב פרעגט ער מיר, צי צאהל איך א שקל? וויל איך איהם זאגען, אז בחור־ווײז האב איך געצאהלט, נאר איצטער איז שווער דער האלבער רובל, — געהט דערווייל ארײן די מאדאם, שלאגט מיר איבער און בעט מיר, בײ אזא גוטע געלעגענהייט, קויפען פאר איהר בײ אונז אין שטעדטעל א 20 טעפ ברושניצעס צום פרעגלען, וויל בײ אונז איז דאס זעהר בנמצא און די אמת'ע גוטע... און אײדער זי ענדיגט נאך — לויפט ארײן די עלטערע טאכטער און בעט מיר שוין פאר איין גאנג קייפען פאר איהר א 10 פונט האניג, ווײל בײ אונז איז די אמת'ע, זאגט זי, „פאטיקע"... און אײדער אויך זי ענדיגט נאך — שארט זיך דערווייל ארײן די יונגערע טאכטער אין רויטען שלאפראק, — ווײל זי איז שוין אין דעם נײנטען מאנאט — און בעט מיר, איך זאל מוחל זײן אנפרעגען פאר איהר אין די דערפער ארום אונז א גוטע אם, א יונגע און א געזונדע קריסטין, ווײל אין אונזער קאנט זענען זעהר גוטע אמען, און אז איך וויל אויך איהר עפעס וואס זאגען, דערמאנט זיך דערווייל די מאדאם נאך עפעס און בעט מיר שוין פאר איין גאנג קויפען אין די דערפער עטליכע שאק פרישע אייער. נאר דא ווער איך, לא עליכם, אביסעל מבולבל און הייב אן ברענגען א שטיקעל סדר אין קאפ, און רעכען בסדר: עולה רגל זײן צום פריץ, טאלאנציקעס אויף שקלים, עולה־רגל זײן נאך דער פידעל, 20 טעפ ברושניצעס, 10 פונט האניג, עולה־רגל זײן נאך אנ'אם... און אז איך האלט נאך אין מיטען רעכענען, איז זיך פלוצלונג מישב די קעכין, און הייבט אן שיטען נאר א פרישע רשימה, אז איך ווער שוין אין גאנצען מבולבל. בעט איהם, מאדאם, — הייבט זי אן שיטען, — ער זאל ברענגען א פוד גרויסע ציבעלעס, 5 טעפ בעבלעך, 10 פונט געטריקענטע

שװעמלעך, 3 טיעפּע מולטערלעך, אַ קלײנעם ציבער׳ל אין נאָך דולכט מיר אַ מעסטעל חריין... בקיצור, איך האָב גוים געטראָפען די טיר.

געקומען אהיים, גיב איך איבער מײן װײב די גוטע בשורה פון דער שטעלע און אויך די רשימה, װאָס מען דאַרף אײנקױפען פאַר די סוחרים. קײן געלד אויף דער רשימה האָט מען מיר ניט געגעבען, און עס הויבט זיך אָן בײ מיר מיט מײן װײב אַ ישוב־הדעת, װאו צו קריגען די עטליכע רובל, װאָס דאַרף אָנטרעפען די רשימה. דער ישוב־הדעת איז געװען גאָר אַ גרויסער, נאָר מען איז דאָך יידען, און מ׳האָט זיך אַנ׳עצה געגעבען...

קורץ, אַז גאָט האָט געהאָלפען און מען האָט בעקומען די עטליכע רובל — האָט זיך אָנגעהויבען בײ מיר מיט מײן װײב אַ יריד, אַז קוים װאָס מען ציהט אָב דעם אָטעם: איך האַלט אין איין עולה־רגל זײן איבער די דערפער, און מײן װײב — אין איין שמאַיענעם מכּח די ברושניצעס מיט די איבעריגע זאַכען. געשמײעט האָבען מיר דעם גאַנצען ערב־יום־טוב און אפילו אין מיט׳ן יום־טוב, נאָר גאָט צו דאַנקען, אַבי אַלעס בעזאָרגט.

אין מינסק בין איך געקומען מיט דער אַם און מיט מײן גאַנצער כּבודה בשלום, און צייט אַ האַלבע שעה שלעפּ איך דאָס אַלעס אַרויף אין קיך צום סוחר. דאָ איז, װי דער שטײגער, געהט באַלד אַרויס די מאַדאַם, און אַז זי דערזעהט די אַלע פּעקלעך מיט די זעקלעך און קאָשיקעס, װאָס איך האָב אַרויפגעשלעפּט, טוהט זי אויך, װי איהר שטײגער, אָן די פּאַנסנע און פרעגט דער קעכין, װער האָט דאָס אַלעס געבראַכט און װעמענס איז דאָס? — געה איך גלײך צו און דערצעהל, אַז איך בין דאָס האַמישער חזנ׳ס איידעם און האָב געבראַכט די אַם און אויך די איבעריגע אַלע זאַכען, װאָס מען דאַרף מיך געבעטען, און הײב אָן צו רעכענען כּסדר: בעבלעך, ציבעלע, אײער און אַזוי װײטער. — זאָגט זי: אַ! איהר זײט דאָס פון האַמישאַק? איך האָב גאָר פערגעסען — און געהט אַװעק.

שטעה איך אַבּיסעל און שפּילע די קנעפּלעך – ערשט עס הויבּט זיך אָן אײַן אַרײַנלױפעניש אין קיך: דער עלטערער אײַדעם, דער יונגערער, דער זוהן, די עלטערע טאָכטער, די יונגערע – נאָך אַלץ אין דעם רויטען שלאָפראָק... און דער עלטערער אײַדעם פרעגט בײַ מיר וועגען דעם פּריץ, דער יונגערער אײַדעם וועגען דעם פיעדעל, דער זוהן וועגען די טאַלאַנציקעס, די עלטערע טאָכטער וועגען די האָניג און די יונגערע בעטראַכט די אַם – און נאָכהער נעהמען זיי אַלע בעקוקען מײַנע סחורה: דער אײַדעם פּרובּירט די פיעדעל, די טעכטער פערזוכען די ברועשניצעס מיט די האָניג, די קעכין קלאַפּט אין די מולטערלעך, הכלל, עס ווערט אַ קאָנצערט...

קורץ, אַז דער קאָנצערט האָט זיך געענדיגט, געהט אַרײַן ווײַטער די מאַדאַם אין קיך און זאָגט מיר, אַז עס טוהט איהר זעהר לײַד, נאָר ברושניצעס האָט זי שוין אָבּגעפּרעגעלט. האָניג האָט מען זי נאָך פאַר סוכּות געבּראַכט, בעבּלעך מיט ציבּעלע האָט מען איהר צוגעשיקט און אַנ'אַם האָבּען זיי בעשטעלט נאָר אַ גאַנ־רענע. נאָר, זאָגט זי, געהט זײַט מוחל אַריבּער צו מײַן עלטערער שוועגערין. איהר פעלט נאָך עטליכע טעפּ ברושניצעס און אפשר וועט זי נעהמען אַ פּאָר פונט האָניג, און די אַם זאָל איך אַוועק פיהרען צו אַ מעקלער, וועט זי אפשר קריגען אײַן אָרט.

בקיצור איך האָבּ אַוועקגעפיהרט די אַם צו עפּעס אַ מעקלערין, און אַלײן לויף איך שוין אַוועק צו דער שוועגערין מכח די ברושניצעס. זאָגט מיר אָבּער יענע, אַז נעכטען האָט זי שוין גע־קויפט ברושניצעס, נאָר זאָל איך אונטערגעהן צו איהר עלטערער טאָכטער, זי וועט געווים נעהמען ברושניצעס און אפשר האָניג אויך. איך געה־אונטער שוין צו דער עלטערער טאָכטער, זאָגט יענע, אַז זי דאַרף שוין ניט, נאָר זאָל איך בעסער צוגעהן צו איהר יונגערער שוועסטער, וועלכע האָט געפרעגט בײַ איהר וועגען ברושניצעס. געה איך שוין צו צו דער יונגערער שוועסטער, זאָגט

זי מיר, אז זי האט שוין געקויפט, נאר זאל איך פרובירען א געה טהון צו איהר מומען. – גיב איך שוין א געה צו דער מומען, דארף זי ב"ה שוין אויך ניט, גאר, זאגט זי, זאל איך מוחל זיין זיך אריינחאפּען אנטקעגען צו איהר ווארשעווער שוועגערין. – חאפּ איך זיך שוין אויך אריין צו דער ווארשעווער שוועגערין, זאגט מיר יענע, אז 5 פונט ציבעלע מיט עטליכע בינדלעך חריין זאל איך איהר ברענגען, און ווייטער זאל איך צולויפען צו איהר פלימעניצע. לויף איך צו דער פלימעניצע – געפין איך איהר אבער ניט אין דער היים – בין איך זיך מישב און לויף שוין פון איהר צו דער אם זעהן, וואס הערט זיך דארטען, און פון דארטען לויף איך צום סוחר.

ביים סוחר איז קיינער אין שטוב ניט געוועזען, און דא איז שוין שפעט נאכט, איז געה איך שוין אוועק צו מיין בעל־אכסניה, נעכטיג דארטען איבער, און אויף מארגען הייב איך אן פון דאס ניי צו לויפען: פריהער צום סוחר, זאגט מען מיר, אז ער איז נעכטען אבענד אוועקגעפאהרען אין וואלד. הייב איך שוין אן צו לויפען ווייטער מכח די ברושניצעס מיט די האניג און די איבעריגע אלע זאכען, נאר עס הייבט זיך אן ווי נעכטען א איבערשיקענעס: די פלימעניצע שיקט מיר אב צו איהר שוועסטער־קינד, און יענע צו איהר שוויגער, און די שוויגער צו דער שוועסטער, און די שוועסטער צו דער מוטער, און די מוטער צו איהר מומע, און די איז דאס ר' שמשון־שלמה'ס ווייב אליין...

קיצור הדבר, וואס וועל איך אייך א סך בריי׳ען, איך האב אנגעוואוהרען 3 רובל אויף די סחורה, און מיין בעל־אכסניה האט עס ביי מיר צוגענומען הכל באשר לכל. ווייטער, די אם האב איך געמוזט אין עטליכע טעג ארום אפּשיקען אהיים, ווייל זי האט זיך זעהר שטארק פערבענגט נאכ'ן דארף.

אוּן וואס איז מיט דער שטעלע, וועט איהר פרעגען? –

איז די שטעלע האָב איך, ס'מהער ניט דער וואַלד וועט זיך אָנ־הויבען האַקען ערשט נאָך נאָווי־נאָד, איז אָט פֿאָהר איך דאָס איצטער דערווייל צוריק אַהיים ביז אם־ירצה־השם נאָך ווייערע חנאית.



מײַן װײַב, זאָל געזונד זײַן.

# מײַן װײַב, זאָל געזונד זײַן.

... איהר זאָגט, פֿון װאָס עס קאָן זיך מאַכען עגמת-נפש׳ן? אָט װעל איך אײַך דערצעהלען.

מאַכט זיך, דאָס די טאַנטע זאַרע פֿון קעניגסבערג מאַכט מײַן װײַב אַ „סורפּריז״, און שיקט איהר צו אַ דײַטשען מעדיצי-נישען בוך, עלעגאַנט געבונדען, מחמת, שרײַבט זי, די טאַנטע זאַרע הײסט עס, דאָס יעדע קלוגע מוטער מוז אַזאַ בוך אונבע-דינגט האָבען אין שטוב, און אַזױ װי מײַן װײַב, זאָל מיר געזונד זײַן, האַלט זיך פֿאַר אַ גרױס׳ן למדן אין דער דײַטשער שפּראַך, און קלוג, זאָגט זי, איז זי אַודאי — האָט זי אָנגעהױבען געשמאַק צו שטודירען דאָס מעדיצינישע בוך, — און װאָס מײַנט איהר איז פֿון דעם אַרױסגעקומען?

באַלד טאַקי האָט זיך מײַן װײַב אָנגעהױבען פֿיהלען שװאַך אין געזונד, מחמת לײענענדיג דאָס בוך, האָט זי ענטדעקט, דאָס זי בעזיצט די אמת׳ע, ריכטיגע סימפּטאָמען פֿון אַ היבש ביסעל קרענק, װאָס פֿריהער, זאָגט זי, האָט זי דאָס נאָר פֿון עם-הארצות ניט געקאָנט װיסען...

ראשית כל האָט זי ענטדעקט, דאָס זי מוז האָבען גאַל-שטײנער אין בויך, װײַל דאָס דריקען אונטער׳ן לעפּעלע און דאָס שטעכען אין די זײַטען איז פּונקט לױט דעם בוך נאָך, און האָט

אָנגעהױבען טרינקען קאַרלסבאַדער װאַסער און נאָך קאַרלסבאַדער װאַסער, װײסט איהר דאָך, דאַרף מען זיך דורכלױפען, איז זי, מײַן װײַב זאָל געזונד זײַן, אַרומגעלאָפען בײַ מיר אַלט טאָג צײַט, אַז אײן גאָט נאָר האָט זיך געדאַרפט מרחם זײַן און געבען איהר כח אין די פיס...

אָבער נאָך דער װאָך האָט זי זיך אַרומגעזעהן, דאָס זי האָט זיך גאָר טועה געװען אין די אֶמת'ע סימפטאָמען, און אַז בײַ איהר פאָרמירט זיך גאָר ניט אַנדערש װי אַ „ראַק", רחמנא ליצלן.

אַ ראַק איז אַ פּאַסקודנע מעשה, און איך האָב מיך גוט אי־בערגעשראָקען. דאָס גליק אָבער איז געװען, װאָס מײַן װײַב, זאָל זי מיר טאַקי געזונד זײַן, האָט װײַטער שטודירט דאָס מעדי־ציניש בוך און האָט גאָר גאַנץ נײַע סימפטאָמען בײַ זיך ענט־דעקט פון גאַנץ נײַע קרענק און האָט, װײַזט אױס, אין „ראַק" זיך טועה געװען.

הקיצור, װאָס װײַטער מײַן װײַב האָט שטודירט דאָס בוך, דאָס מעהר „סימפטאָמען" האָט זי ענדעקט, און מעגליך חלילה, דאָס זי װאָלט יעדען טאָג געקריגען אַ נײַע קרענק. מחמת אין בוך זענען זײ, די קרענק הײסט עס, געװען אַ היבש ביסעל און געהען נאָכ'ן אַלף־בית, — איז אָבער דאָס גליק, װאָס צװישען אונז רעדענ־דיג, איז מײַן װײַב, זאָל זי מיר שטאַרק זײַן, אַביסעל טעמפּיג אױף דײַטש און איבערדראַפּען אין בוך אַ קרענק פלעגט בײַ איהר דױערען כמעט אַ װאָך צײַט.

דער סוף איז געװען, אַז אָבגעשטעלט האָט זי זיך אױף אַזאַ קרענק, װאָס רופט זיך „נײַראַסטעניע". פאַר װאָס עפּעס דוקא נײַראַסטעניע, האָט זי מיר ערקלערט, װײַל נײַראַסטעניע איז אַזאַ סאָרט נערװעזע קרענק, װאָס איז אין זיך כולל אַ סך קרענק מיט אַמאָל, אַ חוץ אפשר, זאָגט זי, מאָזלען און פּאָקען, און עס שטימט מיט די אַלע סימפּטאָמען, װאָס זי, מײַן װײַב, זאָל געזונד זײַן, בעזיצט, הן פון די ברעכענעס, הן פון די שטעכענעס, הן

כּחם פֿון שוואַכקייט. אויף פּראָסט יידעש, אויב איך וויל וויסען, וועט עס זיין פּשוט „צושראָיפּט". איך בין, זאָגט זי, שטאַרק נער־ראַסטעניש און אין גאַנצען „צושרויפּט", און דאָס בוך, גיט זי צו, הייסט דערצו בערג־שטייגען און אַ ספּעציעלע קיר. נו, פֿער־שטעהט איהר דאָך, אַז אַ מענש איז אין גאַנצען צושרויפּט, מוז מען דאָך פֿאָהרען צו עפּעס רעכטע דאָקטוירים. בלייבט עס פֿאָהרען אין וואַרשאָ, ווייל דאָרטען האָט מיין ווייב אַ משפּחה, אַ 3 טאַנטעס, צוויי שוועגערינס און קרוב אַ טוץ שוועסטער־קינדער, און זיי וועלען שוין אָנווייזען דעם ריכטיגען דאָקטאָר.

פֿאַר'ן אָבפֿאָהרען צושרייבט מיין ווייב זיי אַלעמען בריוועלעך, אויסער די שוועגערינס, מיט וועלכע זי איז צוקריגט, היות זי פֿאָהרט אין וואַרשאָ זיך בעראַטען מיט דאָקטוירים.

געקומען קיין וואַרשאָ, געהען מיר אַריבער צו די טאַנטעס מאַכען וויזיטען און זיך שוין מישב זיין וועגען די דאָקטויריב. צוערשט געהען מיר צו דער טאַנטע רעגינאַ, וועלכע האַלט זיך פֿאַר אַ מומחה אין הלכות קרענק. און די טאַנטע רעגינאַ געפֿינט, אַז ס'איז זיך דאָ ווייניג וואָס מישב צו זיין, וואָרום אַז מיר פֿער־מאָגען, זאָגט זי, אין וואַרשאָ אַזאַ דאָקטאָר ווי זשאַזשעווויצקע, איז ניטאָ קיין קלערענעש און מיר פֿאָהרען, זאָגט זי, טאַקי גלייך צו איהם איצטער. ווייל ס'איז איצטער די רעכטע צייט.

און זיי פֿאָהרען טאַקי גלייך צום דאָקטאָר.

– נו? פֿרעג איך מיין ווייב, ווען זיי זענען צוריקגעקומען.

– שצאַוווניץ, זאָגט זי.

– שצאַוווניץ, זאָג איך, זאָל זיין שצאַוווניץ, וואו איז דאָס ערגעץ דער קוראָרט, הייסט עס?

– אין פּוילען.

– אין פּוילען, זאָג איך, טאָ זאָל זיין צו רפֿואה אין פּוילען, און מיר געהן צו דער צווייטער טאַנטע ראָזאַליען מיט אַ וויזיט.

– געװען, פֿרעגט די טאַנטע ראָזאַליע, בײַם דאָקטאָר זשאַזשאַװיצקען מיט דער טאַנטע רעגינאַ?

– געװען.

– נו?

– שצאַװניץ פֿערשריבען.

– שצאַװניץ, זאָגט זי, טאָ מעגט איהר פֿאָהרען צוריק אַהײם.

– פֿאַר װאָס עפּעס?

– װײַל, זאָגט זי, װאַרשאָ פֿערמאָגט עפּעס פּראָפֿעסאָרען שײַנט מיר, און אַ דאָקטאָר זשאַזשאַװיצקען האָט איהר מסתמא בײַ אײַך אין שטעדטעל אויך. אָט נעם מישאַ–װענדרעט זי זיך צו איהר זוהן, – און טעלעפֿאָניר צום פּראָפֿעסאָר ביעלאָזובאָװ, און בעשטעל איהם אויף מאָרגען אַהער צו אונז, און זײַט װײַטער ניט קײַן קלײנשטעדטעלדיגע.

– מילא, זאָג איך, אפשר זענט איהר גערעכט, זאָל זײַן פּראָפֿעסאָר ביעלאָזובאָװ.

– ניט זאָל זײַן, זאָגט די טאַנטע. נאָר ס'מוז זײַן פּראָפֿעסאָר בילעאָזובאָװ.

– זאָל זײַן, זאָג איך, ס'מוז זײַן.

און מיר געהען פֿון איהר צו דער דריטער טאַנטע רעבעקאַ מיט אַ װיזיט.

– געװען, זאָגט די טאַנטע רעבעקאַ, בײַם דאָקטאָר זשאַזשאַװיצקי און בעשטעלט דעם פּראָפֿעסאָר ביעלאָזובאָװ? נו מהיכי תיתא, אויב בײַ אײַך איז געלד שפּענער, קענט איהר אײַך זײַ װאַרפֿען װי פֿיעל איהר װילט, נאָר דאָ האַנדעלט זיך דאָך עפּעס װעגען געזונד, און דעם געזונד קען מען אויף'ן גאַס ניט אַרויסװאַרפֿען. אַז מ'קומט אין װאַרשאָ, זאָגט זי, און מען האָט אַ עלטערע טאַנטע, געהט מען פֿריהער אַרײַן צו טאַנטע רעבעקאַ זיך מישב זײַן. טאַנטע רעבעקאַ איז אפשר ניט אַזוי רײַך אין געלד װי טאַנטע ראָזאַליע.

אָבער האָט שוין אזעלכע ערוואַקסענע קינדער, ווי די ראָזאַליע, און קען עפּעס געבען אַמאָל אַ שטיקעל עצה. נאָר לאָמיר רעדען צו דער זאַך. די אַלע יענע דאָקטוירים און אַפּילו פּראָפעסאָרען זענען ניט פאַר איַך. אין וואַרשאָ, זאָגט זי, פערמעגען מיר, גאָט זאָ דאַנק, אַזאַ גרויסען דאָקטאָר ווי הימעלשטיין, וועלכען אויסלאַנד וויים פון איהם, האָט מען שוין ניט נאָך וואָס צו געהן צו אַנדערע און, זאָגט זי, איך געה טעלעפאָנירען, אויב ער נעמט נאָך היינט אָן, וועלען מיר גלייך צו איהם פאָהרען.

און זיי זענען, מיין ווייב און די טאַנטע רעבעקאַ, טאַקי גלייך אַוועקגעפאָהרען צום דאָקטאָר הימעלשטיין.

געקומען פון דאָקטאָר, פרעג איך וויַטער מיין ווייב: נו?

— נאַלענטשאָוו, זאָגט זי.

— זאָל זיין, זאָג איך, נאָלענטשאָוו צו רפואה.

— וואָס הייסט, זאָל זיין נאַלענטשאָוו, זאָגט די טאַנטע רעבעקאַ, ס'מוז זיין נאַלענטשאָוו!

— מילא, זאָג איך, זאָל זיין ס'מוז זיין נאַלענטשאָוו, אַבי, זאָג איך, זאָל זיין צו רפואה, — און מיר געהען שוין אין האָטעל זיך אָברוהען אַביסעל. טרעפען מיר אָבער אויף די טרעפ די שוועגערינס, וועלכע זענען געקומען טאַקי צו אונז מבקר־חולה זיין מיין ווייב.

— ברוגז, זאָגען זיי, קאָן מען זיין געזונדערהייט, ביי קראַנק זיין איז ניטאָ קיין ברוגז, און מיר זענען עס טאַקי געקומען זעהען וואָס מאַכט איהר און וואָס מאַכען די קינדערלעך, — און נאָכ'ן האַלזענעס און קושענעס געהען מיר אַלע אַרויף אינ'ם צימער.

— איהר זענט געווען, זאָגען זיי, מיט די טאַנטעס ביי'ם דאָקטאָר זשאַזשאַוויצקי'ן און הימעלשטיין, געהייסען פאָהרען אין שצאַווניץ און נאַלענטשאָוו, בעשטעלט דעם פּראָפעסאָר בעלאָזאָ־באָוו, און אָן פּראָפעסאָר שצעבקאָוו האָבען אַ פּנים די טאַנטעס פערגעסען. אַ שענע געשיכטע, זאָגען זיי, קומען אין וואַרשאָ צו

דאָקטוירים און ניט זײַן בײַם פּראָפעסאָר שצעבקאָװ, צו װעלכען מ'פאָהרט אַזש אפילו פון אױסלאַנד. נעװיס, זאָגען זיי, קאָן א ברונז קײן גוטס ניט ברענגען, און װען מיר װײַסען פריהער, איז אסור אױב מיר לאָזען אײַך געהן צו יענע דאָקטוירים. נאָך הײַנט, זאָגען זיי, װעלען מיר בעשטעלען דעם פּראָפעסאָר שצעבקאָװ צו אונז אויף מאָרגען. קוקט ניט, זאָגען זיי. אויף די עטליכע רובל, װאָרום װי זאָגט מען, געלד איז בלאָטע און געזונד אין אַלעס.

– מילא, זאָג איך, װער קוקט אויף געלד, אַבי דאָס ביסעלע געזונד, און זאָל זײַן פּראָפעסאָר שצעבקאָװ אויך.

– אויך? – חאַפּען אונטער די שװעגערינס: אויך – טויג ניט, ס'מוז זײַן דורכאויס פּראָפעסאָר שצעבקאָװ.

– זאָל זײַן, זאָג איך, דורכאויס פּראָפעסאָר שצעבקאָװ, – און דערבײַ געזעגענען מיר זיך.

אויף מאָרגען פיהר איך צו מײַן װײַב, זאָל געזונד זײַן, צו דער טאַנטע ראָזאַליען, און אַלײן חאַפּ איך מיר אַרױס אין גאַס אַביסעל, אַז מ'איז שוין יאָ אין װאַרשאָ.

װען איך קום צוריק אין האָטעל, דערזעה איך שוין מײַן װײַב, זאָל געזונד זײַן, ליגענדיג אַ פערמאַטערטע און די 2 שװעגעריגנס נעבען איהר.

– נו? פרעג איך מײַן װײַב.

– כ'האָב שוין, זאָגט זי, פיער בערער: שצאַװניץ, נאַלענטשאָװ, זאַקאָפּאַנע און קאַזמעריש.

– זי האָט ניט פיער בערער, – חאַפּען אונטער די שװעגערינס – נאָר אײן באָד פון פּראָפעסאָר שצעבקאָװ און דאָס איז קאַזמעריש. קוקען װאָס אַנדערע דאָקטוירים װעלען פּערדרעהען אַ מוח – װעט קײן מאָל קײן סוף ניט זײַן.

– אָבער די טאַנטע רעבעקאַ, – בעט זיך מײַן װײַב, זאָל געזונד זײַן – װיל נאָר זאַקאָפּאַנע.

– די טאַנטע רעבעקאַ, זאָל קײן פּעראיבעל ניט האָבען,

זאָגען די שוועגערינס – האָט איהרע משוגעת׳ן און פערדרעהט די גאַנצע משפחה אַמח.

– וואוהין־זשע – פרעג איך – רעפּענסטו פאָרט פאָהרען?

– פרעגסט מיך, זאָגט מײַן ווײַב, עפּעס ווי איך וואָלט געװוּסט דער פּראָפעסאָר? כ׳ווײס, אפשר דאַרף איך קאַזמעריש און אפשר דוקא זאַקאָכאַנע און אפשר נאַלענטשאָוו און אפשר שצאַווניץ. כ׳ווײס נאָר, אַז איך בין קראַנק און האָב צוגעשריבענע פּיער בעדער.

– ווײסטו וואָס, זאָג איך, אפשר נאָר וואַרפען גורל. גוט, ענען דאָן, מסתמא, אַלע פּיער בעדער, וועל איך אויפשרײַבען די פּיער בעדער אויף צעטעלעך און די וועסט אַרויסציהען אַ צעטעלע און וועלכע באַד ס׳וועט אויסקומען על פּי גורל – וועט זײַן צו רפואה.

– אַ שענער אײַנפאַל, זאָגט מײַן ווײַב, און טאָמער דאַרף איך באמת האָבען זאַקאָפּאַנע און כ׳וועל אַרויסשלעפּען נאָר שצאַווינץ?

– איהר מאַכט שפּאַס, – חאַפּען אונטער אויך די שוועגערינס, – און טאָמער חלילה שלעפּט זי באמת אַרויס שצאַווניץ אָדער אפילו זאַקאָפּאַנע!

– טאָ ווײַסט איהר וואָס, זאָג איך, אפשר מאַכען נאָר אַ קאָנסוליום? (ס׳האָט זיך בײַ מיר אַרויסגעחאַפּט אין אַ בעזע שעה).

– כ׳האָב שוין דאָס אויך געדרעכענט – זאָגט מײַן ווײַב, זאָל געזונד זײַן.

און וואָס מײַנט איהר איז געווען? נאָך דעם זעלביגען פאַר־נאַכט זענען געווען בעשטעלט אויף מאָרגען פּיער קאָנסוליומס, יעדע טאַנטע פון איהרע דאָקטוירים און די שוועגערינס פון זײַערע דאָקטוירים, – און אַז די ווײַב מײַנע, זאָל געזונד זײַן, איז אויף מאָרגען קוים אַלעבעריגע געקומען אין האָטעל, נאָך די אַלע קאָנסוליומ׳ס – האָב איך איהר שוין מורא געהאַט פרעגען, וואָס ס׳הערט זיך, נאָר זי אַליין האָט שוין געזאָגט.

— כ'האָב, זאָגט זי, איצטער 2 מאָל זאַקאָפּאַנע, 2 מאָל שצאַװניץ און „אױף קרים" אָ צונגעבאַלטס.

— װאוהין־זשע רעכענסטו פֿאָרט פֿאָהרען?

— פֿרעגנסט מיך, — זאָגט זי מיט פּריטענזיע — פּונקט נוי איך װאָלט געװוּסט די פּראָפּעסאָרען.

— אפשר, זאָג איך (ס'פֿאַלט מיר אַרײַן אַ גליקליכער געדאַנק), — אפשר װאָלט געװעזן אַ סברא, מיר זאָלען גאָר פֿאָהרען צוריק צו אונזער דאָקטאָר אין שטעדטעל, ער װײס דאָך דײַן קרענק און איז אַ גוטער פֿרײַנד.

— כ'װײס, זאָגט מײַן װײַב פֿערטראַכט — ס'איז אַ אמת, ער װײס גוט מײַנע קרענק און איז אַ אמת'ער גוטער פֿרײַנד, אפשר? ...

און מיר זענען, מיט מזל, אין אײַענד געפֿאָהרען צוריק אהײם אין אונזער שטעדטעל ...



# די מחלוקת.

(הומאָרעסקע).

פרייטאָג צו נאַכט.

דער זייגער איז שוין נאָך 12; די לאָדענס פון אַלע הײַזער זענען פעסט פערמאַכט. אין שטעדטעל שלאָפט מען שוין, און אויף די שמאָלע פינסטערע גאַסען איז קיין שפור ניטאָ פון לעבען, נאָר פון קארג־בעלויכטענעם בית־מדרש הערען זיך פערשטיקטע קולות פון הײַזעריגע צוויי שטימען, וועלכע קלינגען זעלטען פאַנ־טאַסטיש אָב אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

עס לערנען דאָרטען צוויי ישיבה־בחורים.

אין האלב פינסטערען בית־המדרש, הינטער דעם גרויסען אויווען, בײַם גרויסען טיש, אויף וועלכען עס ברענט אַ שטיקעל תפלה־ליכט, אײַנגעשטעקט אין אַ שטיקעל לײם — שטעהן די צוויי ישיבה בחורים און שרײַען ניט מיט זייערע כחות, איינער מיט אַ באַסאָווע שטימע, דער אַנדערער מיט אַ קוויטש.

זיי שרײַען ביידע צוזאַמען און ווען זיי קאָנען ניט איבער־שרײַען מיט ווערטער, ענדיגען זיי מיט די הענד, מיט די פיס, מיט'ן גאַנצען קערפער.

— אָט דו, בעסער שווײַג, עם־הארץ, און הער בעסער וואָס איך זאָג!

— און דו, פערשטאָפטער מח, הער בעסער מײַן סברא.

אויפ'ן טיש לעבען זיי ליגט אַ אַלטע אָפענע גמרא. דאָ, ניעט זיך אַ וואָרף איינער, דאָ דער אַנדערער, זיי זופען אויף גיך די ווערטער, הויבען זיך אויף צוגלייך און — הויבען אָן צו אַרבייטען מיט די הענד און מיט די פיס, און שרעקליכע קולות קײַקלען זיך איבער'ן פוסטען רוים פון בית־מדרש.

זיי קריגען זיך וועגען אַ פּשט פון אַ שווערע שטיקעל „רש"י".

— דו פערשטעהסט ניט, עם הארץ, פּשוט דעם פּשט. רש"י וויל דאָ גאָר נישט בעוואָרענען... ס'איז אַ פּראָסטע סברא!

— ניין, שעפּסענער קאָפּ, רש"י מוז דאָ בעוואָרענען, וואָרום אַזוי פּשוט איז דאָך הארב די גמראָ, און די סברא, גראָבער קאָפּ, איז דאָך מחייב! ווי באַלד, ווי באַלד, אַז מיר זאָגען אַז יע... אַז, אַז — אַז...

— אַז דו קאָנסט ניט לערנען און פּלוידערסט ווי אַ גוי...

— אָבער פויער, די סברא, די סברא, דער טעם...

— קוק זשע אין רש"י.

— אדרבא!?

און ביידע געבען זיך אַ וואָרף אויף דער גמרא מיט אַ שערק־ליכען אימפּעט, זיי לייגען זיך אויף איהר אָן מיט די קערפּער'ס און מ־טלען מיט די גאַנצע כחות אויף יעדער וואָרט פון רש"י. פונקט ווי מען וואָלט דאָס אַנדערש ניט פערשטעהן.

ביידע קוקען זיך אַ קורצע צייט אין די אויגען, ווי הענער.

— על כן, וואָס זשע זאָגסטו איצטער?

— איך זאָג, אַז דו פּלוידערסט, ווי אַ שכור'ער גוי...

— אָבער די רש"י, די רש"י, גראָבער קאָפּ! — שרייט דער, וואָס מיט'ן קוויטש, און גיט, פון כעס, אַ זעץ איבער דער גמרא.

די גמרא האָט פון זעטץ אַזש אונטערגעשפּרונגען און האָט אומגעוואָרפען די ליכט. זי איז געפאַלען אויף איין ברעג גמרא, און די אַלטע בלעטער האָבען גענומען לאַנגזאַם זיך אָנצינדען...

עס ווערט אַביסעל ליכטיגער אין בית־מדרש. די שאָטענס אויף די וועגד הויבען זיך אָן צו טוקען און צו בעוועגען. ביידע בחורים בעמערקען עס אָבער ניט.

— קוק בעסער אין דער גמרא, פויער!

— און דו, גראָבער קאָפּ, זיי בעסער מדייק די רש"י...

און זיי גיבען זיך ווידער א ווארף אויף דער גמרא. דא האט איינער בעמערקט די ברענענדיגע בלעטער.

— בעריל, זעה, די גמרא ברענט!!

— מען מוז אבער, שעפסענער קאפ, פריהער די גמרא גוט פערשטעהן.

— זי ברענט אבער, די גמרא, גיב א קוק!

— ס'מאכט ניט אויס... ווי באלד, דו פערשטעהסט, אז נאך ר' עקיבא'ן קומט נדה.

— נאך ר' עקיבא'ן קומט ניט קיין פרות... נאר אבער וואס טהוט מען, די גמרא ברענט!..

און דא בעמערקט שוין דער צווייטער אויך די ברענענדיגע גמרא.

— ס'נאר ניִשט, ס'וועט זיך באלד פערלעשען... אלזא ווי באלד, אז ס'קומט פרות נאך ר' עקיבא'ן...

— אבער די גמרא!?

— נו, קומט דאך אויס טאקי גוט, ווי איך זאג...

— אבער וואס זי האט זיך אנגעצונדען, ס'איז דאך שבת!..

און דא פערקלערען זיי זיך שוין ביידע אביסעל. דאס חלב פון ליכט האט זיך דערווייל אין גאנצען צושמאלצען און ס'האט אויך דער טיש אנגעהויבען ברענען.

— וואס טהוט מען?!.

— איך וועל פערלעשען.

— אום שבת, חלילה! לויף רופען א גוי.

— מען מעג אליין פערלעשען!

— מען טאר בפירוש ניט!

— טא לויף דו און רוף דעם גוי.

— איך קאן ניט רעדען אויף גוי'עש...

— איך וועל פערלעשען! מען מעג על פי דין... דער בית-מדרש קען זיך נאך אנצינדען און ס'איז א סכנה!

— דו ביזט איין עם-הארץ! נא דיר דעם דין!..

און ער לאָזט זיך צום אַנדער ווינקעל בית־מדרש, וואו עס שטעהט דער ספרים אַלמער. דער אַנדערער לאָזט זיך גלייך נאָך איהם. זיי האַפּען בײדע אַרוים איין אורח־חיים און לויפען צוריק צום ברענענדיגען טיש.

אין בית־מדרש איז אויף אַ קורצע צייט געוואָרען שטיל, עס הערט זיך נאָר דאָס שיפען פון פייער און אַ גיפער, נערוונער זופען פון ווערטער.

– נו, עם־הארץ!

– דו ביזט איין עם־הארץ. פערשטעהסט ניט דעם דין...

אין בית־מדרש איז דערוויייל אַריינגעלאָפען חיים בעריל דער שוסטער אין איינע נאַכט־וועש מיט דער שבת'דיגער קאַפּאָטע אויפ'ן קאָפּ, און דערזעהענדיג דעם ברענענדיגען טיש, האָט ער גע־האַפּט דעם עמער וואסער פון האַנדפאַס און האָט איהם אַ גאָס געטהון אויפ'ן ברענענדיגען טיש. ער האָט אָבער צו הויך אַביסעל אַ גאָס געטהון און אַ האַלבער עמער וואַסער איז אָנגעקומען די צוויי בחורים...

זיי האָבען מיט שרעק אויסגעשריען און דער אורח־חיים איז ביי זיי אַרויסגעפאַלען פון די הענד, אונטער'ן נאָז האָבען זיי דער־שפירט חיים־בעריל'ס האַרטען קולאַק.

– אַך, זאָלט איהר – פאַטראָנעס, קרומע רוקענס!.. דעם בית־המדרש האָט איהר דאָך געקענט פערברענען!..

דער ערשטער געדאַנק, וואָס ס'איז געקומען צו די בחורים, נאָך דעם ערשטען שרעק אין צומישונג – איז געווען די טהיר...

און טאַקי באַלד זענען זיי געשטאַנען גאַסע אין אַ פינסטער'ן ווינקעל פון די פאָלעס און האָבען זיך געטרייסעלט פון קעלט.

– אַ שאָד, האָט דער וואָס מיט דער באַסאָווער שטימע גע־זאָגט, – אַ שאָד, וואָס מען האָט אונז איבערגעשלאָגען דאָ. איך וואָלט דיר אויפגעוויזען, אַז איך בין געווען גערעכט.

– וועגען פערלעשען?

– ניין, וועגען פשט פון רש"י...

# אַ בְּרִיף אִין רֶעדַאקְצִיעֶ.

הר ליבליבע רעדאקציע!

איך שיק אייך דאָ אַ קליינע מודעה צו דרוקען פאַר געלט, און וויפיעל עס ווערט אָנטרעפען על פי החשבון וועל איך איה״ש גלייך אָבשיקען צו פער פאָסט, צו דורך אַ געלעגענהייט, ווייל איצט קאָן איך נאָך ניט וויסען, וויפיעל עס וועט אָנטרעפען, או אויך וויים איך ניט, צו וועט איהר עס דרוקען מיט „פעטיט" אָדער אָהן „פעטיט", לויט ווי עס שטעהט געשריבען אין אַנדערע מודעות אין דער הויך, אַט דאָס איז די מודעה:

„איך זוך ערגעץ אַ שטעדטעל אויף אַרויסצופאָרען, און וועלכע עס זאָל זיך ניט געפינען קיין אָרגאַניזאַציע, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס בשום אופן ניט, אפילו „בונד" און ס. ס. אויך ניט. ווער עס וויים פון אַזאַ שטעדטעל בעט איך מיר גלייך מודיע זיין אויף מיין אַדרעס: אין אויעזדנעם גאָראָד טעטראָוו, מינסקער גוּבערניע, גאָספּאָדינו יענקעלו חוואַטו. ממני סופר סת״ם יעקב ב״ר הג׳ יצחק נ״י חוואַט"

און איצטער, ליעבליבע רעדאקציע, אַזוי ווי איך בין שוין איינער אַ מזומנ׳ער קונד, וועל איך אייך דערצעהלען די גאַנצע מעשה, פאַר וואָס איך זוך אַזאַ שטעדטעל. עס איז זעהר אַ שיינע מעשה גלאַט זיך פאַר אַלעמען, און פאַר אַ רעדאקציע בפרט, מיר קאָסט זי ב״ה 80 רובל, אויסער נאָך מעת-לעת׳דיגע.

אין בין מיר אַליין, ווי איהר קענט שוין פערשטעהן פון מיין מודעה, אַ סופר סת״ם, נאָר איך אַליין לא-עליכם, שרייב שוין ניט וויפיעל יאָהר, מחמת ביי מיר טרייסלען זיך די הענט, איז שרייבען מיר בחורים און אַ פאָר לעהריונגלעך, און איך שיק די ספרי-תורות שוין קיין אַמעריקאַ, איז אַזוי וואָלט עס געווען ניט קשה,

האָב איך אָבער, לא־עליכם, גרויסע צרות פון מײַנע בחורים״ נאָר דאָס בין איך אײַך שוין מוחל, איז אָבער בין איך אליין, לא־עליכם, א ביסעל א קפדן. מײַן חיה, זאָל לעבען, זאָגט אַפילו, אַז דאָס איז די הײַנטיגע נערוועז, נאָר דאָס בין איך שוין אײַך מוחל, ויהי היום, מאַכט זיך, אַז א לערהריוננגעל טהוט מיר צו־להכעיס, פריהער צוקריגט ער זיך מיט מײַנעם א בחור און זאָגט, אַז ער וועט איהם אַרויס לאָזען די קישקעס, מיש איך זיך דאָך אַרײַן, טהוט ער מיר דערפאַר אָב און פיהרט מיר איבער אַ גאַנצע „יריעה״; פערשרײַבט איהר דורך „פוסט״, (סופרים ווײסען, וואָס דאָס איז), קאָכט דאָך מיר אויף דאָס בלוט – סטײַטש, גזלן, וואָס האָסטו צו מיר? און אַ שטיקעל קפדן בין איך דאָך, לא־עליכם, איז לאָז איך איהם אַראָב א פאַטש אין באַק, טרײַב איהם אַרויס, און קלער מיר בשעת־מעשה: די גליקען וואָס איך האָב דאָ פון דיר? א כפרה אויף אַזעלכע פערדינסטען און יוצא! איז מײַן איך שוין בשותפות מיט מײַן חוה׳ן, זאָל לעבען, אַז מיר זענען פון איהם פטור געוואָרען, ערשט טאַקי „לא״ מיט איין אַלף!

ויהי היום – איך מײַן טאַקי אין דעם זעלבען אָבענד – קומען צו מיר צוגעהן 3 בחורים, טאַקי סופרים׳לעך, און זענען מיר מודיע אין נאָמען פון דעם „סופרים׳שען פעראײַן״, אַז היות מען האָט מיר אָבגעמשפט בעצאָהלען 3 רובל קנס פאַר דעם פאַטש, און 2 רובל דאַרף איך נאָך געבען דעם לערהעריוננגעל. איהר וואָלט זעהן, וואָס דאָס איז פאַר אַ נפש. ער איז אין גאַנצען ניט ווערט 2 רובל; הײב איך דאָך אָן: סטײַטש, רבונו־של־עולם, וואָס האָט איהר צו מיר, גזלנים, ער האָט דאָך מיר אָנגעמאַכט אזא גרויסען היזק! זאָגען זיי, אַז איך קען בעטען בײַ זיי א „טורעצקען סוד״, איך געדענק שוין ניט ריכטיג ווי עס רופט זיך, נאָר פערשטאַנען האָב איך, אַז איך קאָן זעצען בוררים. בין איך זיך מיישב מיט מײַן חוה׳ן, בלײַבט עס בײַ אונז, אַז 5 רובל איז טאַקי אַ שאָד, איז בעסער זעצען בוררים. נאָר וואָס זאָל איך אײַך זאָגען, א וועלט

איז היינט געוואָרען! מען געטרויט שוין ניט אפילו אַ בעל־הבית, מוז איך גאָר די 5 רובל טאקי איינלעגען במזומנים, קורץ, די בוררים האָבען זיך געהאנפערט אַ הער, געהאנפערט אַ הין (מיין בורר איז גאָר אַנטלאָפען געוואָרען), און געבליבען איז, לא־עליכם, אַז דער פסק־דין פון „פעראיין" איז אַ אמת'ער פסק־דין, און אַ קפדן, לא־עליכם, בין איך דאָך, הויב איך דאָך אָן: סטייטש, גזלנים, אַזוי און אַזוי, — זאָגט מען מיר, אַז אַ קפדן קאָן איך מיר זיין אין דער היים וויפיעל איך וויל, און די 5 רובל זענען פערפאלען, נאָר אַ כפרה, דאָס בין איך שוין אייך מוחל, איז רעכטע צרות זענען נאָך ערשטע געקומען, אָט ווי איהר וועט הערען:

ויהי היום — איך מיין טאקי אויף מאָרגען אין אָבענד, קומען צו מיר צוגעהן ווייטער 3 בחורים און זענען מיר מודיע, אַז פאַר אַ פאַטש, וואָס איך האָב געגעבען אַ פראָלעטאַריער (אַזוי רופען זיי מסתמא דעם לעהריונגעל), האָט די היגע אָרגאַניזאַציע פון „בונד" מיר אָבגעסודעט צו בעצאָהלען גאַנצע 20 ר. און איך מוז מוחל זיין טאקי אָבצאָהלען לא־יאוחר מאָרגען, ווען ניט, וועל איך נאָך בעצאָהלען שטראָף פאַר יעדער מעת־לעת 1 רובל מיט 50 קאָפּיקעס. ווערט דאָך אין שטוב אַ יְלָלָה, מיין חיה זאָל לעבען, און איך: — סטייטש, גזלנים, איך האָב דאָך שוין בעצאָהלט 5 רובל קנס, איז אָבער וואַרפט זיי אַ קאַץ אין פנים, — אונז גערט עס ניט אָן. זאָגען זיי. מיר מוזען בעשיצען אונזערע פראָלעטאַריער, שריי איך: סטייטש, איך האָב דאָך גאָר געפאַטשט אַ לעהריונגעל, לאַכען זיי און רופען מיך מיט עפּעס אַ צונעמענעס, איך געדענק שוין נישט ווי עס הייסט.

הערט זשע אָבער ווייטער! מאַכט זיך נאָך ניט צו די טיהר געהען אַריין ווייטער 3 בחורים און זענען מיר מודיע אין נאָמען פון היגען „פועלי־ציון", אַז מען האָט מיר פערמשפּט פאַר אַ פאַטש, וואָס איך האָב געגעבען אַ „יודישען אַרבייטער" צו 15 רובל קנס און אויך מיט 1 רובל 50 קאָפּיקעס פאַר מעת־לעת. ווען איך בין

עובר אויף דעם טערמין (אפנים אזוי איז ביי זיי דער מקח). ווערט דאך ווייטער אַ יללה ביז'ן הימעל, נאר שריי חי־וקים! אָבגעמשפּט זאָגען זיי, איז אָבגעמשפּט, און ווײַטער פּאַטשט ניט קיין „יודישען ארבײַטער"!

און ויהי — עס איז געװיזען נאך ניט אַרויס די 3 בחורים, ווי עס קומען ווײַטער 3 בחורים, פּשוט, לא־עליכם, ווי ביי איוב'ן, — און זענען מיר מודיע אין נאָמען פון היגע אָרגאַניזאַציע „פּועל־ציון־פּאַלעסטינצעם", אַז פאַר אַ פּאַטש, וואָס איך האָב געגעבען איין „יודישען גלות אַרבײַטער", האָט מען מיר אָבגעמשפּט צו צאָהלען 10 רובל קנס אונז 1 רובל פאַר מעת־לעת (אַ פנים ביי זיי איז אַיין װאָלוועלער מקח), הייב איך דאך אָן, לא־עליכם, צו שרייען און צו וויינען, און מיין חיה זאָל לעבען: — סטײַטש דערטרינקט אונז שוין בעסער! אָט אָקאָרשט זענען דאך געװוען 3 בחורים פון „פּועל־ציון" מיט זייער פּסק־דין! עס קען זיך זיין, זאָגען זיי, אָבער דאָס זענען געװוען „פּועלי־ציון טערטערליסטען" און מיט אונזער אָרגאַני־זאַציע האָט דאָס קיין שייכות, מיר פערטרעטען בעזונדער די אינטערעסען פון „יודישע גלות אַרבײַטער", אָבער וואָס איז דאָס מיר נוגע? שריי איך צו זיי — וואָס איהר ווילט דוקא פּאַלעסטינאַ און זיי עפּעס אַנדערש וואָס? — לאָזען זיי און זאָגען, אַז איך פער־שטעה ניט דעם טעם פון אָרגאַניזאַציעס! קורץ, מיין חיה, זאָל לעבען, איז קוים וואָס זי לעבט, לא־עליכם, און פון דעסטװעגען הייבט זי אָן מיט מיר: — שטייטש, וואַלד־גזלן איינער! שרייט זי שוין זילבערנע 50 רובל, אויסער פאַר מעת־לעת, וועט קאָסטען דיין פּאַטש, בין איך דאך אָבער, לא־עליכם, אויך אַ שטיקעל קפדן און קאָן זיך ניט איינהאַלטען...

נאר דאָס בין איך אייך מוחל. אין רעכטען מיטען טומעל אַזוי עפּענט זיך ווײַטער אויף די טיהר, און עס געהען אַריין ווײַטער בחורים און זענען מיר מודיע אין נאָמען פון „פּועלי־ציון־וויטע־בסקער־פּראָאם" אַלעם מיט פייערדיגע נוסחאות: היות פאַר אַ פּאַטש,

וואָס איך האָב געגעבען אַ „יידישען-אַרבייטער-פּראָלעטאַריאַט" האָט מען מיך געמשפּט בעצאָהלען קנס 15 רובל מיט אַ רובל פופציג קאָפּיקעס פאַר מעת-לעת (קרוב נאָכ'ן אַלטען מקח). ווער זייט איהר? — הייב איך שוין אָן צו שרייען, געווג פאַר מיר די היגע „פּועלי-ציון", נאָך וויטעבסקער צאָהלען? באַלד וועלען נאָך קומען בערדיטשעווער, און ווער ווייס נאָך פון וואַנען? — לאַכען זיי זיך פערנאַנדער אַזוי הויך, אַז די ווענד האָבען זיך געטרייסעלט. זענען — זענען מיר, ר' ייד, טאַקי היגע, נאָר מיר רופען זיך וויטעבסקער נאָך דעם פּראָגראַם. פרעג איך שוין, צי עס איז נאָך דאָ פּראָגראַמען פון אַנדערע שטעדט, זאָגען זיי, אַז עס איז נאָך דאָ מינסקער, יעקאַטערינאָסלאַווער, און... נאָר דאָ ווערט מיר, לא-עליכם, פינסטער אין מיינען אויגען, און איך פאַל אין חלשות. מיין חיה, זאָל לעבען, איז אויך גלייך מיט מיר געפאַלען אין חלשות. אַזוי האָט מען מיר נאָכהער דערצעהלט.

קורץ, אַז מ'האָט אונז אָבגעמינטערט, האָב איך געפרעגט, צו זענען דאָ געוועזען נאָך פון מינסקער פּראָגראַם? האָט מען מיר געזאָגט, אַז געוועזען זענען דאָ, נאָר געזאָגט האָבען זיי נאָך ניט פון וועלכער שטאָדט. בין איך זיך מישב: אַ כפּרה דאָס געלד! דאָס לעבען איז טייערער. וואָס איז די פּעולה פון חלש'ען? זאָל שוין זיין וואָס עס איז, און איך הייב אָן רעכענען, וויפיעל דאַרף איך שוין בעצאָהלען טרוקענע קנס אויסער פּער מעת-לעת — עפענט זיך ווייטער די טיהר און עס געהען אַריין ווייטער, לא-עליכם, 3 בחורים, פרעג איך שוין זיי מיט גוטען, פון וועלכער שטאָדט איז זייער פּראָגראַם, זאָגען זיי מיר, אַז זיי זענען, היגע „עס עס", זאָג איז זיי: ברידער! וואָס דאַרפט איהר מיר נאָך שופך-דמים זיין און רייצען זיך, זאָגט שוין אויף אַנ'אמת, פון וועלכער שטאָדט זייט איהר, איך מיין ניט איהר אַליין, נאָר אייער פּראָגראַם, לאַכען זיי פונקט ווי די פריהערדיגע. קורץ, זאָגען זיי, ערשטענס זענען מיר אייך ניט קיין ברידער און צווייטענס איז „עס עס" אַ פרישע

ארגאניזאציע פון סאציאליסטען־ציוניסטען צוזאמען, און גלייך באלד מיט'ן נוכח: היות פאר א פאטש, וואס איך האב געגעבען א „יודישען פראלעטאריער", האט די ארגאניזאציע „ס. ס." אבגעסורעט בע־צאהלען 15 רובל קנס, און 1 רובל 50 קאפיקעס פער מעת־לעת. דערהער איך דעם נאמען: א פרישע ארגאניזאציע, פאלט מיר איין, לא־עליכם, די דמים. פון דעסטוועגען מאך איך זיך קאלט־בלוטיג און גיב זיי א פרעג, צי זענען זיי אפשר פאלעסטינצעס, לאבען זיי און פרעגען מיר, צוליב וואס איז דאס מיר א נפקא־מיניה, זאג איך זיי — אז מיר איז א נפקא־מיניה אין 5 רובל קנס מיט 50 קאפיקעס פער מעת־לעת, פערשטעהען מיר ניט און טהוען ווייטער לאכען. קורץ, זאג איך זיי, וואס זשאלעוועט איהר מיר צו ענטפערען. אפשר זייט איהר וויטעבסקער? טהוט איינער מיר א טובה און ער־קלערט מיר, אז ס. ס. איז איין איינציגע ארגאניזאציע און נאך זייער „תורה" נאך, אדער ווי זיי רעדען עם אוים אויף דייטש „תֵיָרָה" מוזען זיי זיין גאר ריינע טערטערליסטען, דאס הייסט: זיי ווילען סתם א לאנד, נאר דאס בין איך שוין אייך מוחל, פרעג איך זיי: זייט איהר, הייסט עס, ניט קיין וויטעבסקער און ניט קיין מינסקער אפילו? לאכען זיי און זאגען מיר, אז אזוי ווי איך בין אזעלכער (דא רופען זיי מיר אן מיט דעם זעלבען צינאמענעם ווי די בונדיסטען), וועל איך עס זא ווי זא ניט פערשטעהן און עס איז מיר גאר קיין חילוק ניט. נאר וואס זאל איך אייך א סך בריייען. צום סוף האבען זיי אויף מיר רחמנות געהאט און אויסגעזאגט, אז „ס. ס. איז דאס פשוט ראשי־תיבות און ביי זיי איז דא איין פראגראם אהן א שום שטאדט און אלע מוזען זיין נאך זייער „תורה" נאר טערטערליסטען. דא איז מיר געווארען ב"ה גרינגער אביסעל אויפ'ן הארצען. ווארום מעהר וואלט מיר ניט געפעהלט, אז עס זאל נאך, לא־עליכם, ביי זיי אויך געווען פאלעסטינצעס, וויטעבסקער, און ווער ווייס נאך וויפיעל.

אָבגעפּטר'ט זײ, בין איך שוין דעם מאָל קליגער געוואָרען
און האָב געהײסען מײַן חיה'ן, אַז זי זאָל פֿעררוקען די טיהר און
מיר האָבען זיך גענומען מישב זײַן וואָס צו טהון. עפּעס אַ קלײנינג=
קײַט 80 רובל קנס פֿאַר אײן פּאַטש, אויסער נאָך פֿער מעת=לעת,
ווײַל איך האָב אַזוי פֿיעל קײַן מזומנים ניט געהאַט. איז בײַ מיר
מיט מײַן חיה'ן, זאָל לעבען, געבליבען בשותּפות: אַז אַזוי ווי איך
האָב פֿון די בחורים, לא=עליכם, גרויסע צרות, און אַזוי ווי איך
בין אויך, לא=עליכם, אַ שטיקעל קפּדן און, בעהיטע גאָט, ווען
עס טרעפֿט זיך מיט מיר, חלילה, נאָך אַזאַ אונגליק, קען איך
נאָך ווײַטער, חלילה, בעצאָהלען 80 רובל, איז בײַ אונז גע=
בליבען זעהן אַרויספֿאָהרען אין אַזאַ שטעדטעל, וואו עס איז ניטאָ
קײַן אָרגאַניזאַציעס, און מאַקי באַלד שיקען אַ מודעה אין די
בלעטער, אַז ווער עס ווײס פֿון אַזאַ שטעדטעל, זאָל גלײַך אונז
מודיע זײַן. האָט מען מיר אָבער געזאָגט, אַז אַזאַ סאָרט שטעדטעל
געפֿינט זיך ניט אין איצטיגער צײַט בכל תּפוצות=ישראל, אַז אויב
נאָר עס איז דאָ אַ שטעדטעל, מוז זײַן אין איהר עפּעס אַן'אָרגאַני=
זאַציע א. ז. וו. נאָך אַזאַ סאָרט ידיעה ווערט מיר זעהר ניט גוט
אויפ'ן האַרצען, נאָר צום גליק געהט פֿאַרבײַ מײַן שטוב ר' אַבאָ'ס
אײדעם, וואָס שרײַבט אויס עטליכע בלעטער, קלאַפּ איך איהם
שטאַרק אָן, איך מײַן אין פֿענסטער, ער זאָל מוחל זײַן זיך מטריח
זײַן אַרײַנגעהן צו מיר אין שטוב, און איך פֿרעג מיר בײַ איהם אַן'=
עצה, וואָס דאָ צו טהון. גיט ער מיר אַן'עצה, אַז איך זאָל אַרויס=
פֿאָהרען אין אַזאַ שטעדטעל, ווענינגסטענס, וואו עס זאָל זײַן נאָר אײן
אָרגאַניזאַציע... נאָר דאָ הויבט זיך אָן אַ שטיקעל האַמפּערנעס מיט
מײַן חיה'ן. איך זאָג בעסער „ס. ס.‟ זאָל זײַן, און מײַן חיה זאָגט
„בונד‟. איך זאָג, אַז פֿון „ס. ס.‟ ווײס איך זײער „תּורה‟ און אַז
בײַ זײ איז נאָר אײן פּראָגראַם, און אַגב, זאָג איך, איז בײַ זײ
מיט 5 רובל וועלוועלער, זאָגט אָבער מײַן חיה, אַז זײערע תּורה'ס
זועל איך ניט וויסען, ווען איך זאָל אַפֿילו לעבען זיבען מאָל

מתושלח׳ס יאָהרען, נאָר איהר ציהט עפּעס דאָס האַרץ צום „בונד", ווייל, זאָגט זי, בעסער איז שוין בעצאָהלען איין מאָל 20 רובל, איידער 5 מאָל צו 15 רובל, און וואָס וועלוועלער איז טייערער, זאָגט זי, איז איין אַלטער כלל... בין איך דאָך אָבער אַ שטיקעל קפּדן, לא־עליכם, און זאָג, אַז זי איז נאָר אַ יידענע און ווייס אַזוי אין די הלכות אָרגאַניזאַציעס פּונקט ווי איך אין טערקעשע פּיראָזניעס... קורץ, וואָס זאָל איך אייך מאריך זיין? ר׳ אַבאָ׳ס איידעם האָט געמאַכט אַ פּשרה צווישען אונז און געזאָגט, אַז אַזוי ווי אין די בלעטער ווייס מען אַ סך מעהר, ווי ביי אונז אין די קליינע שטעדטלעך, איז דער בעסטער פּלאַן בעטען דעם רעדאַקטאָר, אַז ער זאָל שוין אַליין זעהן ווי בעסער איז און אַזוי שרייבען אין דער מודעה.

אָט דאָס איז, טייערער און געשעצטער רעדאַקטאָר, די גאַנצע מעשה, צוליב וואָס איך שיק אייך די מודעה דרוקען פאַר געלד. און איך בעט אייך טאַקי אַזוי גוט זיין זעהען ווי בעסער פאַר מיר צו דרוקען. און טאָמער איז פאָרט דאָ אַ שטעדטעל אָהן אָרגאַניזאַציעס, וואָלט נעווים געוועזען גוט, וואָרום אויב, ניט בין איך, חלילה, אומגליקליך מיט מיינע בחורים און מיט מיין גאַנצע פּרנסה.

יאָ, איך האָב אייך פערגעסען שרייבען, אַז פון יענעם אָבענד אָן שלאָף איך קיין נאַכט ניט. עס דוכט זיך מיר אַלץ, לא־עליכם, אַז מען קלאַפּט מיר אין טהיר פרישע 3 בחורים; די מינסקער, יעקאַטערינאָסלאַווער, און ווער ווייס נאָך וועלכע!...

פערבלייבט אייך געזונד מיט גוטע פּרנסה, און איך בעט אייך מיין מודעה גלייך דרוקען און אפשר מיר רעכענען ביליגער ווי אַנדערע, ווייל איך בין שוין, לא־עליכם, גוט בדלות געוואָרען פון מיין פּאַטש.

ממיני ידידכם יעקב בר׳ הנ׳ יצחק הוועט.

# א צווייטער בריף אין רעדאקציע.

זעהר ליעבליכע רעדאקציע.

אפנים עס איז שוין אזוי בעשערט, אז איך זאל האבען, לא-עליכם, גרויסע צרות און אייך זאל איך שיקען מודעות צום דרוקען. דעם נוסח פון דער מודעה שיק איך דא, און איהר וועט דאך דעם מקח רעכענען מסתמא כדאשתקד. אט דאס איז די מודעה:

„איך זוך בחורים סופרים אויף אלע בעסטע תנאים, הן פון וואך שרייבען, הן 10-שעה ארבייטס-טאג, הן גוטע בעהאנדלונגען, הן בכלל אלע נייעסטע דרישות, נאר די בחורים מוזען זיין אלע מיט איין דעה אדער געהערען אלע צו איין ארגאניזאציע. על כן ווער עס וויל, זאל מיר מודיע זיין פארטיי אויף מיין אדרעס אין מעסטעטשקע לאפישאק ווילנער גובערניע, גאספאדינו יענקעלו חוואטו. ממני סופר סת"ם יעקב ב"ר הנ' יצחק נ"י חוואט."

און איצטער, ליעבליכע רעדאקציע, מוז איך שוין ווידער איבערגעבען אייך מיינע צרות, לא-עליכם, פון מיינע בחורים און טאקי דעם מאל פרעגען ביי אייך א שטיקעלע עצה אויך. ווי איהר קענט שוין זעהן פון היינטיגער מיין מודעה, וואהן איך שוין גאר

אין װילנער גובערניע אין שטעדטעל לאַפּישאָק, װאוהין איך בין אַרויסגעפאָהרען טאַקי באַלד נאָך מיין ערשטער מודעה (איהר מוזט דאָך נאָך געדענקען די מעשה מיט מיין פּאַטש...), װאָס איך האָב ביי אייך געדרוקט. און קען איך אייך מודיע זיין, אַז די מודעה דעמאָלט האָט געװירקט גאָר לעילא ולעילא, װאָס איך האָב זיך גאָר ניט גערעכט, װייל עס איז ניט אַריבערגעגאַנגען קיין 2 װאָכען, װי איך האָב בעקומען אַ בריװועלע פון לאַפּישאָק, טאַק פון מיין װייב׳ס, זאָל לעבען, אַ װייטען קרוב, װאו ער שרייבט מיר כמעט בזו הלשון, װאָס איך װעל אייך איבערגעבען דעם קיצור:

„היות, שרייבט ער, װי ער האָט געלעזען אין דער צייטונג מיין מודעה, קומט ער מיר צו בענאַכריכטען, דאָס ביי איהם אין שטעדטעל איז פּשוט אַ גן־עדן, עס איז ביי אונז ניטאָ, לויב דעם אויבערשטען, שרייבט ער, קיין שום אייניציגע אָרגאַניזאַציע, טאַקי װי איהר זוכט. פאַרהאַן, שרייבט ער, איז פאַרהאַן ביי אונז אַ חברה פון אַלגעמיינע ציוניסטען, נאָר דאָס, שרייבט ער, זענען זעהר רוהיגע מענשען, ער אַליין אַפילו איז דאָרטען אַ חבר־מאַן. די גאַנצע זאַך זייערע איז, װאָס זיי מאָהנען דעם גאַנצען יאָהר דעם „שקל״ און קלויבען געלד אויף עפּעס אַזאַ „גאָלדענעם בוך״ פאַר אימיצען עפּעס אַ גרויסען „פאָנד״. אַמאָל גאָר, שרייבט ער איז פאַר די קאָנגרעסען אין באַזעל פלעגט יאָ טרעפען, אַז עס פלעגט אַרויסקומען צווישען זיי אַ קליינע האַמפּערניש װעגען עפּעס מכבד זיין אימעצען מיט אַזאַ מין „מאַדאַט״ אויפ׳ן קאָנגרעס. און שוין גאָר אַ סך – איז דאָס װאָס זיי פלעגען זיך אַמאָל מתיר מאַכען אַבין מנחה־למעריב, בעת דאָרטען אין באַזעל פלעגט זיצען דער קאָנגרעס, איז פלעגען זיי זיך אויך בעזעצען אין די װייבערשע פּאָלעש אין דער הויך און זינגען אַזעלכע לשון־קודש׳דיגע ליעדער, װאָס פלעגט אַביסעל שטערען הערען ביי טיש אונטען דעם

„עין־יעקב״. נאָר אויסער דעם, שרײַבט ער, צעפּען זײַ אַפּילו אַ פּיג אָן דער וואַנד ניט...

ווײַטער, שרײַבט ער, געפינען זיך דאָרטען אין שטעדטעל אַ קאָמפּאַניע פון עטליכע יונגע מענשען, אַזעלכע סאָרטען „אחר־העמ׳יסטען״ (וואָס דאָס איז, ווייס איך ניט, נאָר אַזוי איז דער וואָרט געשריבען אין בריף), און דאָס, שרײַבט ער, זענען גאָר וואוילע מענשען, מענשען פון „רוח״, אַ הויכער סאָרט קאָפּ, וואָס אַרט זײַ כלל ניט די הויות־העולם, דערהויפּט איז בײַ זײַ דער „רוח״, און פון זײַערט וועגען איז קען איך אַפּילו צופּאַטשען אַלע מײַנע בחורים, נאָר אַבי עס זאָל נאָך איבערבלײַבען בײַ זײַ (ער מײַנט בײַ די בחורים) דער „רוח״, איז אַרט זײַ דאָס ניט...״ עס איז מיר אַפּילו געווען אַ חידוש: היתכן בײַ הײַנטיגער וועלט -- און אַזעלכע וואוילע קינדער? נאָר דאָס בין איך שוין אײַך מוחל, דער קיצור איז, אַז אין שטוב בײַ מיר איז געוואָרען ששון ושמחה, איבערלײַענעדיג דעם בריף, און מײַן ח י ה, זאָל לעבען, איז בײַז׳ן זיבעטען הימעל: — זעהסט, זאָגט זי, וואו עס פערוואַלגערט זיך מײַנער אַ קרוב? נאָר דאָס בין איך שוין אײַך ווידער מוחל. הקיצור הדברים, איך האָב מיר אויסגעזוכט 6 בחורים מיט 2 לערייונגלעך, אַלע אַזעלכע, וואָס האָבען לחלוטין ניט טועם געווען קיין טעם אָרגאַניזאַציע — און מיר האָבען זיך אַלע אַריבערגעפּעקעלט אין דעם נײַעם שטעדטעל. מילא פון די טִרְדַת הַדֶּרֶך, וואָס איך האָב געהאַט, וואָס איך האָב געוואָלט אײַנשפּאָרען בילעטען און דערפאַר בעצאָהלט לא־עליכם, כפלים, און וואָס מען האָט נאָך בײַ מיר דערצו צוגע׳גנב׳עט אין וואַגאָן אַ פּעקעל מיט פּאַרמעט — וועל איך אײַך שוין גאָר ניט שרײַבען, למאי גלאַט מצער זײַן? נאָר אָבער די צרות פון מײַנע בחורים, און צרות, לא־עליכם, אויפ׳ן פּוד, מוז איך שוין אײַך דאָ איבערגעבען אין דעם בריוועלע, אָט ווי איהר וועט הערען:

געקומען אין דעם נײַעם שטעדטעל, איז זיך אַװעק, טאַקי מיט גאָטעס הילף, אַלץ כשורה. דאָס שטעדטעלע איז זיך אַ רוהיגע, ניטאָ קיין שום אָרגאַניזאַציעס, און מײַנע בחורים, אָהן עין־הרע, זיצען דעם גאַנצען טאָג אין שטוב און שרײַבען, און איך האָב טאַקי 3 מאָל אַ טאָג געדאַנקט דעם איבערשטען און אַפילו ניט פערגעסען אײַך, ליעבליכע רעדאַקציע, דערמאַנען צו גוטען פאַר דער מודעה. נאָר אָבער, ווי זאָגט מען, אַז עס איז בעשערט האָבען צרות, איז העלפען ניט קיינע חכמות, און אַ פּנים עס איז שוין אַזאַ גזר־דין, אַז אַזאַ ייד ווי איך למשל, מוז האָבען צרות, און נאָך וועלכע צרות, לא־עליכם?...

ויהי היום, מאַכט זיך אַ נאָך מנחה־למעריב קומען עפּעס ניט צו געהן שרײַבען אַלע מײַנע בחורים. ווערט דאָך דאָס מיר קשה די מעשה און איך פרעג די לעהריונגלעך מײַנע. מילא, ווייסען זיי ניט, הויב איך דאָך אָן געהן זוכען זיי, נאָר, לא־עליכם, זענען זיי ווי אין וואַסער אַרײַנגעפאַלען. דערהאַרט ב"ה מאָרגען, פרעג איך זיי, וואו איז מען דאָס געוועזען נעכטיגען אָוונד? — זאָגען זיי מיר, אַז מיר איז דאָס גאָר קיין נפקא־מינה ניט, ווײַל אַז זיי האָבען למשל צובטל'ט אַנ'אָוונד, איז דאָס גאָר זייער אייגענער היזק, וואָרום, דאַרפט איהר מיר וויסען, אַז בײַ מיר האָבען זיי דאַן געשרי־בען פון „ספר”. איז אַפילו ניט שייך! היזק האָב איך יאָ, וואָרום, אַז מײַנע בחורים זאָלען מיר ניט שרײַבען כדבאי, איז ליעג איך דאַן בכלל אין דער אדמה מיט מײַן גאַנצער שטיקעלע פרנסה, נאָר מען איז דאָך, לא־עליכם, אַ פערקויפטער, איז שטאַרק מתרעם זײַן קאָן איך דאָך פאָרט ניט, און איך שווייג שוין...

אויף מאָרגען נאָך מעריב — כך הוה: מײַנע בחורים זענען ווײַטער ניטאָ און שוין אַפילו מיט די 2 לעהריונגלעך, און אַזוי, לא־עליכם 4 אָוונדען נאָכאַנאַנד. איך פרעג: וואו זענט איהר גע־וועזען? און זיי ענטפערען, אַז עס איז מיר קיין נפקא־מינה ניט, איז, בין איך דאָך, לא־עליכם, אַשטיקעל קפדן און הויב אָן:

ס'טײַטש, גזלנים, וואו איז דער יושר! ווי האָט מען דאָס אַ האַרץ צו בטל'ן 4 אָװענדען? זאָגט מיר אױס אַ לעהריונגעל, אַז זײ זענען דאָס אַלע געװען אױף אַ „ראַפּאַראַט" מיט „דאַקוצעס". איז מײַן איך פריהער, אַז דאָס איז אַזאַ מין פרעדסטאַװליעניע מיט קונצען און הױב זײ אָן צו מוסר'ן: סטײַטש, װי שעמט איהר זיך דאָס ניט צו פּטר'ן געלד אױף אַזעלכע נאַרעשקײַטען? – לאַכען זײ זיך אַזױ פּערגאַנדער, אַז איך װער, לא־עליכם, מבולבל, און זאָגען מיר, אַז דאָס איז גאָר אַזאַ מין רעדע פון אַ „חבר", װאָס אײן אָרגאַניזאַציע האָט אַהער אַרײַנגעשיקט. נו, פערשפּאָר איך אײַך שױן צו שרײַבען, װי עס איז מיר, לא־עליכם, אײַנגעפאַלען מײַנע דמים, דערהערענדיג דעם נאָמען אָרגאַניזאַציע... און מען זאָגט דאָך טאַקי, אַז פאַר אַ געהאַנגענעם װײַזט מען ניט קײן שטריקעל...

בקיצור, איך בלײַב אָהן לשון, אַזױ פערקװעטשט עס מיר פאַר'ן האַרצען. און מײַן חיה, זאָל לעבען, איז קױם װאָס זי שטעהט אױף די פיס פון דער בשורה. און פון דעסטװעגען הױבט זי אָן מיט מיר: גזלן אײנער, װאָס שװײַגסטו? דער פײַער, שרײַט זי, חאַפּט זיך דאָך שױן אַרײַן צו אונז אין שטוב! איז פיהל איך, אַז זי איז נעבעך גערעכט, אָבער װאָס טהוט מען? זאָג איך איהר, אדרבא, דו ביסט דאָך אַ קלוגע, גיב טאַקי אַן עצה! קורץ, אין אָבענד זענען מיר זיך מישב, בלײַבט עס בײַ אונז בשותפות: אַז אַ פײַער מוז מען תיכף פערלעשען, אַז איך זאָל ניט לאָזען מעהר מײַנע בחורים געהן אױף די ראַפּאַראַטען. װאָרום, זאָגט מײַן חיה, דאָס איז אַזאַ סם, אַז װאָס מען טרינקט איהם מעהר, װערט ער נאָך אַלץ געשמאַקער... נאָר דאָס בין איך אײַך שױן מוחל. איז אָבער, לא־עליכם, װי איך האָב דאָס אױסגערעדט מײַנע בחורים, איז אין שטוב געװאָרען אַ געפילדער, אַז גאָט זאָל משמר ומציל זײַן. סטײַטש, זאָגען זײ, אױף אונזער צײַט זענען מיר אַלײן בעלי־בתים! בין איך דאָך אָבער, לא־עליכם, אױך אַ שטיקעל קפדן און זאָג זײ, אַז פאַר אַ צירונג האָב איך זײ אַהער ניט געבראַכט, און

ווען ניט די שטיקעלע פרנסה, וואלט איך גאר ניט וועלען אנקוקען זייער פרצוף!..

זאגט מיר איינער גאר קאלטבלוטיג, אז מאקי אט צוליב דעם געהען זיי אויף די „ראפאראטען״... זאג איך, היתכן, אז מענשען זאלען וועלען זיך אומגליקליך מאכען, כדי דערוויל וועט יענער אומגליקליך ווערען? — לאכען זיי אבער און איינער פון זיי גיט מיר א משל מיט עפעס 2 קלאסען: היות ווי איך בין אין איין קלאס און זיי אין דעם אנדערען קלאס, איז דעריבער קענען מיר ניט לעבען בשלום, זאג איך איהם: וואס איז דאס פאר א משל, און אויב שוין יא א משל מיט קלאסען, איז גיב איך דיר א משל, אז מיר זענען אין איין קלאס און מיר לעבען יא בשלום! לאכען זיי זיך נאך מעהר פאנאנדער און זאגען מיר, אז דאס איז ניט א משל, נאר א „קאמפף״, א קאמפף פון קלאסען!.. מילא, קיצור הדברים, איך זעה, אז איך זאג זיי א דבר-שכל, ענטפערען זיי מיר מיט אזעלכע דייטשעסע ווערטער, וואס איך פערשטעה ניט, געה איך אוועק פון זיי און, לא-עליכם, מיט גאר נישט.

בקיצור, אז עס האבען אנגעהויבען, לא-עליכם, צו פאהרען אין שטעדטעל די „בעלי-ראפאראטען״, איז איינער נאך דעם אנדערען! דער פאהרט נאך ניט אוועק, ווי דער אנדערער קומט שוין. אזוי, לא-עליכם, א גאנצען חדש צייט, און מיינע בחורים: — דאכט זיך, זענען געוועזען אזעלכע שטילע, איז לויפען זיי צו יעדער „בעל-ראפאראט״, ווי ער וואלט געוועזען להבדיל דער קעלמענער מגיד..

נאר דאס וואלט איך אייך שוין זוין מוחל געוועזען, איז אבער, לא-עליכם, דער אומגליק, וואס מיינע בחורים האבען ניט געהאט קיין גלייכע קעפ, און ניט אלעמען גלייך האט פאלובעט די ראפאראטען. איינעם למשל האט פאלובעט דער „בונד״, דעם אנדערען — דער „פועלי-ציון״, דער איז געווארען א „וויטעבסקעד פראגראם״, הקיצור: וויפיעל בחורים, קיין עין-הרע, עס זענען ביי מיר געוועזען אזוי פיעל, לא-עליכם, ארגאניזאציעס האב איך געהאט ביי זיך

אין שטוב. נאָר דאָס וואָלט איך שוין זיי מוחל געווען, אַז עס איז ב"ה בעשערט! איז אָבער האָבען זיי זיך אָנגעהויבען צו „דאַקוצירען" ביים שרייבען וועגען זייערע „תורה'ס", און לפלוג וואָלט עס מיר נאָך אויך ניט געאַרט, מילא — רייסט זיך ווי די קעץ, איז אָבער, לא=עליכם, ביי זיי געווען אַזעלכע שווערע מהרש"א'ס, אַז זיי פלעגען אָבשרייבען אַ שורה און אויף אַ גאַנצע שעה מסביר זיין זייער „תורה". און דאָ, איז ווי רעכענט איהר, וועט אַודאַי אַמעריקאַ זיצען און וואַרטען אויף מיינע ספר=תורה'ס ביז מיינע בחורים וועלען קאָנצען מסביר זיין? און מיינט איהר אפשר, אַבי ווי מסביר זיין? איז לא=עליכם, האָבען זיי מיר דערביי 4 „יריעות" פערגאָסען מיט טינט און דערצו נאָך האָבען בשעת=מעשה 2 פון זיי אויסגעדרעהט פינגער פון די הענד און האָבען עטליכע טעג ניט געקענט שרייבען.

קיצור הדבר, דער מסביר זיין געהט ביי מיינע בחורים וואָס ווייטער האַרבער און האַרבער און רק, לא=עליכם, וועגען פאַבריקעס מיט אַרבייטער, וועגען מלחמות מיט אַ רעזערוונער-אַרמעע" (דאָס ווייס איך אויך פון „הצפירה" בעת יאַפּאָנישער מלחמה), און צו וועלען ווערען, חלילה, יודישע בעלי=מלאכות „פראָלאַזירט" דאָ אין גלות, לא=עליכם? נאָר דערהויפט דאַמפּערנעש פלעגט זיין וועגען עפעס „אַרויסקווועצענעס" פון פאַבריקעס, און דעם כלל= ישראל, חלילה, פון עפּעס אַזאַ „הינדורסטרי" מיט „פראָמיסלעס", און צו מוז אונז פערקערט, חלילה, אַריינקוועצען אין אַזאַ „טערעטאָריע" אָדער דוקא אין ארץ=ישראל? אָדער לחלוטין גאָר ניט אַרויס= קוועצען?.. און אָט אַזוי דעם גאַנצען טאָג, איך בין נאָר געווען אַ בעלן צוצוהערען זיך, חאָטש איך האָב ניט פערשטאַנען.

נאָר דאָס איז נאָך ערשט די התחלות פון די צרות. די אמת'ע צרות, לא=עליכם, זענען ערשט געקומען, ווי איהר וועט הערען:

ויהי היום — איך מיין אין עטליכע טעג נאָך דער גרויסער „דאַקוצע", וואָס עס איז געווען, לא=עליכם, אין בית=המדרש —

קומען אַריין צו מיר אין דערפּריה נאָכ'ן דאַוונען 3 בחורים, לאַ־עליכם, נעהמען אַראָב ביי מיר אַ בחור פון דער אַרבייט און זענען מיר מכריז ומודיע אַ „שטרייק": פאַר העכערען דעם מקח זייער „חבר", און איידער איך קאָן נאָך פערשטעהן, וואָס ווילען זיי – ווי עס עפענט זיך ווייטער די טהיר און עס קומען אַריין, לאַ־עליכם, נאָך 3 בחורים. נעהמען אַראָב נאָך אַ בחור פון דער אַרבייט און זענען מיר מכריז ומודיע אַ „שטרייק" פאַר'ן חבר, פאַר העכערען דעם מקח, און שרייבען פון וואָך. און ויהי – עס געהען נאָך ניט אַוועק די בחורים, ממש ווי עס איז געווען אַמאָל מיט'ן פּאַטש, לאַ־עליכם, און נעהמען אַראָב נאָך אַ בחור פון דער אַרבייט און זענען מיר מכריז ומודיע אַ „שטרייק" פאַר'ן חבר, פאַר העכערען דעם מקח, שרייבען פון וואָך און אַרבייטען 10 שעה אין מעת־לעת. ווער איך דאָך, לאַ־עליכם, מבולבל און הייב אָן פרעגען, וואָס ווילט איהר? איז אָבער עפענט זיך ווייטער, לאַ־עליכם, די טהיר און עס געהען אַריין נאָך 3 בחורים; נעהמען אַראָב זייער „חבר" פון דער אַרבייט, און זענען מיר מכריז ומודיע אַ שטרייק, פאַר העכערען דעם מקח, שרייבען פון וואָך, אַרבייטען 9 שעה דעם מעת־לעת און 3 יאָהר ניט צונעהמען קיין פרישע לעהריונגלעך. און, לאַ־עליכם, עוד זה מדבר – ווי עס קומען אַריין נאָך 3 בחורים, נעהמען אַראָב זייער „חבר" פון דער אַרבייט און זענען מיר מכריז ומודיע אַ „שטרייק", פאַר העכערען דעם מקח, שרייבען פון וואָך, אַרבייטען 8 שעה דעם מעת־לעת, 3 יאָהר ניט צונעהמען פרישע לעהריונגלעך און אָבזאָגען אַ בחור נאָר בהסכם כולם... וויל איך פרעגען, צו האָבען זיי ניט חלילה אַ טעות מיט דער שטוב? – עפענט זיך ווידער די טהיר, און עס קומען אַריין נאָך 3 בחורים, לאַ־עליכם, נעהמען אַראָב מיין לעצטען בחור פון דער אַרבייט און זענען מיר מכריז ומודיע אַ שטרייק פאַר'ן חבר, פאַר העכערען דעם מקח, שרייבען פון וואָך, אַרבייטען 8 שעה דעם מעת־לעת, 3 יאָהר ניט צונעהמען פרישע לעהריונגלעך, אָבזאָגען אַ בחור נאָר

בהסכם כּולם און געבען דעם „הבר״ 2 חדשים אין יאָהר א „בּין־הזמנים״... און עס עפּענט זיך ווײַטער די טהיר!.. נאָר דאָ, לא־עליכם, ווערט מיר פון אַזאַ נײַער סאָרט חד־גדיא פינסטער די וועלט, און איך פאַל אין חלשות... מײַן ח י ה, זאָל לעבען, איז ווי איהר שטײַגער, אויך גלײַך מיט מיר געפאַלען אין חלשות... אַז מען האָט אונז אָבגעמינטערט, האָב איך שוין די לעהריוּנגלעך אויך ניט געפונען אין שטוב, זיי האָט מען אויך אַראָבגענומען. אַזוי האָבען מיר דערצעהלט די שכנים.

אַז איך בּין געקומען אַבּיסעל צו זיך, האָב איך געשיקט רופען מײַן ווײַב׳ס קרוב און פרעג בײַ איהם: זאָג מיר חאָטש, וואָס איז דאָ געווען בײַ מיר? ווײַל איך בּין, לא־עליך, צוטומעלט און ווײס ניט. זאָגט ער מיר, אַז דאָס איז אַזאַ „מכּה שלא כּתובה״, וואָס מען מוז איבערלעבען בײַ איצטיגער צײַט און אַז קיין גרויסע סכּנה איז דאָס ניט, און עפּעס וועט מען מוזען טאַקי נאָכגעבען זיי, און ווײַטער וועט מען זיך מישב זײַן. דערמאַן איך זיך דער־ווײַלע און פרעג איהם, צי קענען מיר דאָ ניט העלפען די „אחר־העם׳יסטען״? דאָך אַזעלכע וואָהלע קינדער; — זאָגט ער מיר, אַז, ראשית מישען זיי זיך ניט כּלל אין הוויות־העולם, ווי ער האָט מיר געשריבען, און והשנית, האָט מיט זיי געטראָפען גלאַט איין אומגליק; זיי האָבען זיך אַלע, ניט דאָ געדאַכט, פער׳סמ׳ט מיט די אַלע נײַע אָרגאַניזאַציעס און פאַרטיעס, און זיי זענען שוין מעהר ניט בנמצא דאָ... פרעג איך, אפשר די ציוניסטען? — זאָגט ער מיר, אַז איה״ש בעת עס וועט זײַן אַ קאָנגרעס, וועלען מיר דאַן זינגען לידער, און אַזוי קענען מיר גאָר נישט העלפען!... נאָר, זאָגט ער, זײַט ניט אַזוי מבולבל. לײַדען פון דעם קען גאָר אַמעריקאַ, וועלכע איז ניט חולה צאָהלען טײַערער פאַר „ספרים״! נאָר דאָס בין איך אײַך מוחל, פרעג איך איהם אָבער, וואָס טהוט מען איצטער? זאָגט ער, מען דאַרף וואַרטען מה יתן ד׳.

וואַרט איך אָבער, לא־עליכם, אויף דעם: מה־יתן 2 וואָכען

און די בחורים קומען נישט שרייבען, און דאָ, לא־עליכם, בעקום איך פון אַמעריקאַ צוויי בריף: פאַר וואָס שיק איך נישט סחורה? און באמת, קען דען אַמעריקאַ זיצען און וואַרטען אויף מיינע בחורים? איז בין איך זיך מישב און שיק אָנזאָגען, עס זאָלען קומען די אָרגאַניזאַציעס אויף דורכשמועסען זיך, און ויהי - קומען טאַקי אויף מאָרגען עטליכע בחורים די „פאָרשטעהער" מיט מיינע בחורים און זאָגען מיר: היות, ווי עס איז נאָך נישטאָ ביי אייך שטרייק דער „סאָלדאַרטעט" ביי די אַלע פאַרטיעס, איז קען דערווייל נאָך קיין שמועס נישט זיין וועגען די הנחות, וואָס איך וויל זיי געבען, - פרעג איך שוין, וואָס איז דאָס אַזוינס „סאָלדאַרטעט", וואָס אָהן איהם, חלילה, קען מען נישט אָנהויבען צו שמועסען מכח עפּעס אָנ־הויבען שרייבען? איז מילא, לאָכען זיי ווי איך רעד איום דעם וואָרט, און זאָגען מיר, אַז דאָס איז פשוט דער טייטש: אחדות, זאָג איך, אויב אַזוי, חלילה, קען איך דאָך וואַרטען ביז משיח וועט קומען? ווייל איהר האָט דאָך, לא־עליכם, אַזוי פיעל „תורה'ס"? זאָגען זיי מיר, אַז בנוגע די תורה'ס איז דאָס מיר קיין נפקא־מיניה נישט, און געהען אַוועק.

נאָר וואָס זאָל איך אייך מאַריך זיין, עס איז שוין ב"ה אַוועק מעהר ווי 3 וואָכען און קיין „סאָלדאַרטעט" איז, לא־עליכם, נאָך אַלץ נישטאָ, און די בחורים קומען נישט שרייבען. חאָטש איך האָב זיי אָנגעזאָגט, אַז איך וועל זיי שוין נאָכגעבען כל טוב: הן פון וואָך, הן 10 שעה, הן נאָך דאָרטען קליינינקייטען, וואָרום, וואָס זאָל מען טהון, אַז עס איז ביי מיר, לא־עליכם, טאַקי די אמת'ע מכה, אשר לא כתובה בתורה, סיידען, רחמנא־ליצלן, ווערען אויף דער עלטער אַ וואַסער־טרעגער!

אָט דאָס איז, ליעבליכע רעדאַקציע, מיינע צרות, לא־עליכם, וואָס איך האָב ב"ה פון מיינע בחורים, מיט די אָרגאַניזאַציעס מיט'ן מסביר זיין, מיט'ן שטרייק, און מיט'ן „סאָלדאַרטעט". - און איך וויל טאַקי אַגב ביי אייך פרעגען אַ שטיקעלע עצה מכח אָט

דעם „סאָלדאַרטעט", צו זאָל איך וואַרטען אויף איהם אָדער ניט, און ווי איז דער דין, אַז איך וויל איצטער נעהמען פרישע בחורים, און דוקא פון איין אָרגאַניזאַציע, ווי איך שרייב טאַקי אין מודעה, כדי ראשית, זאָלען זיי ניט דאַרפען דעם גאַנצען טאָג „מסביר" זיין און פערגיסען מיר. לא־עליכם, 4 יריעות מיט טינט, והש.ית איז אויב, חלילה וחס, וואָס? — וועל איך ניט דאַרפען וואַרטען אויפ'ן „סאָלדאַרטעט", טאָמער דאַרף מען דאָס פרעגען ביי אַנ־אַדוואָקאַט, איז וויעפיעל עס וועט אָנטרעפען, וועל איך איה"ש גלייך אָבשיקען מיט'ן יתר פאַר דער מודעה.

יע, איך האָב אייך פערגעסען צו שרייבען, אַז איך מיט מיין חיה'ן זאָל לעבען האָבען גומר געווען צוריק אַרויספאָהרען אין אונזער אַלטער שטעדטעל טעטעראָוו, ווי נאָר דער אויבערשטער וועט געבען. אַז איך וועל ווי עס איז גומר זיין מיט די בחורים, ווען גאָט וועט געבען דעם גיכען „סאָלדאַרטעט", ווייל מיר האָבען זיך מישב געווען, אַז אויב שוין יע האָבען, חלילה, צרות איז שוין בעסער אין דער אייגענער שטעדטעל, צווישען אייגענע מענשען, און אַגב, וועט אפשר דער אויבערשטער העלפען, וועל איך מאַכען אַ שטיקעלע יד־אַחת מיט די איבעריגע סופרים דאָרטען, כדי הויבען אַ ביסעל דעם מקח אין אַמעריקאַ. וואָרום ווי ניט איז, לא־עליכם, האָטש גיה אַוועק מיט דער טאָרבע חלילה!...

פערבלייבט אייך געזונד מיט גוטע פרנסה. איך בעט אייך מיין מודעה גלייך דרוקען. און מיר טאַקי לא יאוחר צו שיקען די ריכטיגע עצה אייערע מכח דעם „סאָלדאַרטעט" און מכח דעם דין וועגען נעהמען נייע בחורים. וואָרום איך בין, לא־עליכם, אובד־עצות. זייט מיר מוחל, וואָס איז בין אייך אַזוי מטריח. דער אויבערשטער זאָל שוין געבען, אַז איך זאָל בעסער דאַרפען שיקען אייך מודעות אויף שמחות!..

ממני ידידכם יעקב ב"ר הג' יצחק חוואַט.

# תחית־המתים.

(נאך דער טהעמא פון ה. ר.).

עס האט געוואהנט אמאל אין שטעדטעל א דאקטאר, וואס האט זעהר פיעל געוואוסט, ווייל ער האט זעהר פיעל געלערענט, נאר זיינע שטעדטעלדיגע, וואוהין ער איז מיט צוויי יאהר צוריק אריינגעפאהרען, האבען צו איהם קיין צוטרוי ניט געהאט, ווייל זיי האבען זיך געזאגט: וואס פאר איין געשטודירטער דאקטאר איז ער, אז ער מוז נאך עד היום אין די ביכער לערנען.

און די חלאים האבען זיך געקרענקט אהן דאקטאר, און דער דאקטאר, אהן חלאים, האט געלעזען און געלעזען די ביכער.

נאר א דאקטאר איז דאך אויך מעהר ניט ווי א מענש, און מען מוז דאך דעם זינדיגען קרעפער מיט וואס עס איז ערנערען.

---

אין א שענעם פריה־מארגען לאזט דער דאקטאר אויסרופען אין שטעדטעל, דאס זיינע קענטניסען זענען איצטער אזוי גרויס, אזוי שטארק — דאס ניט נאר א קראנקען קען ער געזונד מאכען, נאר אפילו א טוידטען איז ער ביכולת לעבעדיג צו מאכען, און א טוידטען אפילו, וואס איז שוין לאנג בעגראבען. איך וועל איהם — האט ער געלאזען אויסרופען — אויפוועקען אין מיטען העלען טאג, אויפ'ן בית־עולם בפני כל עם ועדה.

די מענשען, וואָס האָבען איהם געגלויבט, זענען געווען ניט פיעל, נאָר אפילו די ניט גלויביגע האָבען זיך געזאָגט: מילא, וואָס ריזיקירען מיר, אז מיר וועלען איהם שטעלען אויף דער פראָבע? ער האָט דאָך אזוי פיעל געלעזען די ביכער, און די אלע היינטיגע נייע ערפינדונגען נעהמט מען דאָך אלץ פון די ביכער. זאָל ער מאכען די פראָבע.

און עס איז געווען בעשלאָסען, אז פרייטאָג אום 12 א זייגער ביי טאָג וועט דער דאָקטאָר אויפ'ן בית-עולם א טוידטען לעבעדיג מאכען.

פרייטאָג נאָך גאנץ פריה איז דאָס גאנצע שטעדטעל צוזאמענגעקומען אויפ'ן בית-עולם. דער דאָקטאָר איז געקומען צו דער רעכטער צייט און פונקט 12 א זייגער האָט ער זיך אויף א בענקעלע געשטעלט, און האָט זיך געווענדעט צום גאנצען עולם:

– מיינע פריינד! איך האָב אייך צוגעזאָגט, א טוידטען אויפוועקען און איך וועל איצטער דאָ מיין וואָרט מקיים זיין, איך בעט נאָר דעם עולם רוהיג זיין. איך וועל אויפוועקען, למשל, ברוך דעם לאנגען, אָדער זרח דעם שוסטער. און אפשר ציפה די קרעמערקע, אָדער גאָר אויפוועקען זעליג חיים'ס, וואָס איז מיט א יאָהר צוריק געשטאָרבען פון א ברוסט-פעהלער?

– זאָלט איהר מיר געזונד זיין, הערר דאָקטאָר, – שלאָגט איהם איבער פערוויינט טויבע-יאכנע די אלמנה פון דעם פערשטאָרבענעם, – דאָס איז דאָך געוועזען מיין מאן, עליו השלום ס'אראַ גוטער מאן ער איז געווען, איך האָב אזוי גליקליך געלעבט פאר איהם און ביז וואנען מיינע אויגען וועלען מיר דינען, וועל איך איהם אפט בעוויינען, נאָר מען קען איהם ניט אויפוועקען, הערר דאָקטאָר, ווייל די וואָך דארף איך זיך שוין פער'קנס'ען מיט מזל מיט בעריל דוד זעליג'ס.

– גוט, וואָס איהר האָט מיר געזאָגט, – רופט זיך אָן דער דאָקטאָר, – אלזאָ וועל איך אויפוועקען ציפה די קרעמערקע?

– זאָל איך דאָס גאָר ניט חלום'ען. – רופט זיך אַרויס פון עולם חיים־בער. – ציפּה איז געווען מיין ווייב, צעהן יאָהר האָב איך מיט איהר געלעבּט, נאָר, זאָל זי מיר מוחל זיין, זי איז געווען אַ שווערער מענש, שטענדיג, זאָל זי מיר מוחל זיין, איז זי געווען מיט אַ שלומפּער, אפילו אין מיטען תמוז; אין שטוב איז געווען אַ הקדש, און אַ צונג האָט זי געהאַט, זאָל זי מיר מוחל זיין, גאָר אַ פייער, געשליפען ווי אַ מעסער, און דערצו נאָך האָט זי געהאַט, זאָל איהר צו קיין גנאי ניט זיין, לאַנגע הענד... זי האָט מיר איבערגעלאָזען דריי פּיצלעך קינדער, איך בין דאָך נאָר אַ מאַנסבּיל געווען. און איך האָב געמוזט נאָך אַמאָל חתונה האָבען... זאָל זי בעסער דאָרטען האָבען אַ ליכטיגען גן־עדן.

– אַזוי וועל איך אויפוועקען דעם אַלטען בעליעבטען זייגער־מייסטער ר' זרח?

– אַך, מיין פאָטער! – רופט זיך אַרויס אַ גראָבע שטימע פון עולם, מיין ליעבען טאַטען!... זאָל איהם גאָט געבען דעם ליכטיגען גן־עדן, וואָס פאַר אַ כשר'ער ייד דאָס איז געווען, אָבער מיר האָבען זיך שוין מיט דער ירושה צוטיילט, די שטוב מיט די קראָמען האָבען מיר פערקויפט, ווייל עס איז ביי אונז שטענדיג מחלוקת'ן געווען. געבליבען זענען מיר זעכס קינדער: פיער ברי־דער און צוויי שוועסטער, און אַלע, קיין עין־הרע ניט, האָבען מיר קינדער'לעך ווי באָב, און יעדערער האָט גענוג צו דאַגה'ן פאַר זיך אַליין, און קיין מזומנים געלד איז ב"ה ביי קיינעם ניטאָ.

– נו, מילא, לאָזען מיר אייער פאָטער צורוה שלאָפען, אָבער איהר ווייסט דאָך, דאָס איך בין אַהער ניט געקומען אום נאָר אויפ'ן בענקעל צו שטעהן, איהר אַלע פערלאַנגט דאָך, דאָס איך זאָל אימיצען פאָרט אויפוועקען פון טוידט, – אַלזאָ זאָגט איהר, וועמען זאָל איך אויפוועקען?

– קריינעלען! מיין טייערע קריינעלע וועקט מיר אויף. מיין

גוטער דאָקטאָר! – האָט זיך אין דעם אויגענבליק אָנגערופֿען אַ וויינענדיגע פֿרוי.

– ניין, ניין, הערר דאָקטאָר, וועקט זי ניט אויף! – שרייט אוים פלוצלונג אַ יונגע מיידעל און שטופּט זיך צום דאָקטאָר, – אַך, ווי גוט האָט קריינעלע מיין בעסטער פריינד געטהון, וואָס זי איז אין די הויכע הימלען אַוועק... פאַר'ן טוידט האָט זי מיר אַלעם דערצעהלט... זאָל זי בעסער אין גן-עדן פערבלייבען, ווייל דער, וועמען זי האָט געליבט, האָט זיך מיט איין אנדערער פערלאָבט...

– מילא ווען איהר געפינט אזוי... איז רעכט! נאָר וואַרט! איך וויים איינעם, וואָס האָט ביי זיין טוידט ניט איבערגעלאָזען ניט קיין ווייב, ניט קיין קינדער, דערפאַר אָבער האָט ער איבער-געלאָזען נאָך זיך אַ גוטען נאָמען פון זיינע מעשים און צדקות. דאָס איז אייער אַלטער פרומער רב, וועלכען איהר האָט אַזוי שען מספיד געווען. ווי קלערט איהר, מיינע פריינד! זאָל איך איהם אויפוועקען?

– אַך, ניין, ניין, – שרייען אוים מיט אַמאָל אַ סך שטימען פון אַלע עקען, – ניין, הערר דאָקטאָר, זאָל אונזער אַלטער רב דאָרטען האָבען זיין ליכטיגען גן-עדן, ס'אַרא כשר'ער ייד דאָס איז געווען, וואָס פאַר איין צדיק! נאָר זאָל ער אַ גוטער בעטער זיין פאַר אונז אַלעמען, ער איז אָבער געווען שוין אויף דער עלטער אַ צובראָכענער שאַרבען, זאָל ער דאָרטען זיין אַ גוטער בעטער פאַר אונז אַלעמען, אונזער נייער רב, זאָל זיין אָבגעשיידעט, איז אויך אַ כשר'ער ייד און אַלע זענען פון איהם צופרידען...

– נו, וואָס זאָל איך זאָגען דערצו? נאָר ווען עס האַלט שוין אַזוי – מוז איך די זאַך גאָר אַנדערש מאַכען, איך זעה אָט דאָ נאָהנט יזקליינע מצבה, זי איז אַזוי שען מיט גראָז בעוואָקסען, און ווייסע בלומעלעך וואַקסען אַזוי געדיכט אַרום דעם שטיין, ווי זיי וואָלטען וועלען מיט זייער ווייסען גלאַנץ דעם שוואַרצען שטיין

פֿערדעקען. דאָס איז דער קבר פֿון אַ זויג־קינד, עס זאָלט געווען אפילו, מיין איך, אַ גרויסע זינד דאָס קינד אויפֿצוועקען און איהם ברענגען צוריק אויף אַזאַ וועלט, וואו מען הערט אַזעלכע ווער־טער, וואָס איהר האָט מיר ערשט דאָ געזאָגט, נאָר ווען איהר ווילט דאָך עס זאָל אויפֿשטעהן, וועל איך עס גלייך אויפֿוועקען.

– הערר דאָקטאָר – רופֿט זיך אַרויס איין אַלטע אָרימע וויי־נענדיגע פֿרוי, – אָט דאָס קליינע זויג־קינד געהערט, צום בעדויערען, אונז. איך בין זיין באָבע, מיין טאָכטער האָט עס נאָך ניט ענט־וואָהנט, ווי דער ליעבער גאָט האָט עס ביי אונז צוגענומען. איצטער, געלויבט דעם אויבערשטען, האָבען מיר אַנ׳אַנדער זויג־קינד, דער רבונו של עולם טהוט, וואָס ער פֿערשטעהט: וואָס ער נעהמט צו מיט איין האַנד, גיט ער מיט דער אַנדערער! אָבער צוויי זויג־קינדער אין שטוב איז צו שווער פֿאַר אונז. איינס וועט מען מוזען אָבגעבען צו אַנ׳אַם, און מיר זענען, הערר דאָקטאָר, צו אָרעם אויף דעם, איין גאָט ווייס!

– יאָ, יאָ, דאָ האָב איך אויך ניט געטראָפֿען. נאָר וואַרט! איך האָב זיך דערמאָהנט; דאָ מיט 2 חדשים צוריק איז געשטאָר־בען אַ שענע יונגע פֿרוי, איהר מאַן איז שיער פֿון זינען, ניט אַראָב, זי האָט, שיינט מיך, געהייסען נחמה׳לע, איהר וועל איך אויפֿוועקען!

– הערר דאָקטאָר! איהר וועט מיר זעהר ענטשולדיגען, האָט זיך געהערט אַ שטימע פֿון אַ יונגען מאַן. דאָס איז מיין גע־ליבטע פֿרוי געווען, מיין ליכטיגער מלאך אויף דער ערד, נאָר, הערר דאָקטאָר, איהר וועט מיר פֿאַרציי׳הען!... עס איז אפֿשר ניט אַזוי... עס טהוט מיר זעהר וועה דאָס האַרץ!... נאָר ווען איהר וועקט זי אויף... און דאָ האָב איך שוין אַ „יאַ״־וואָרט בעקומען... אַ זעלטענע יונגע קינד!... מיר האָבען זיך שוין פֿאַרבערייטעט... הוצאות געמאַכט...

* *
*

דאָ רופט זיך אָן דער דאָקטאָר.
– נו, מיינע פריינד, פאַר היינט וועט שוין גענוג זיין...
איהר אַליין דערלאָזט ניט, אַז איך זאָל אַ טוידטען אויפוועקען,
פיליייכט אַ צווייטען מאָל וועט עס מיר געלינגען...

---

עס איז אַריבער אַ לענגערע צייט, קיין טוידטע האָט דער דאָקטאָר ניט אויפגעוועקט, אָבער דער צוטרוי צו איהם איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג.



# די הענד אין דער הויך.

(רוקי־ווערך).

ווערענדיג אם ענדע לויז פון די אַלע שווערע פאָרמאַלנאָס־טען ווענען מײַן אינערליך „כשרות״ בײַם איבערפאָהרען די רוסישע גרענעץ צוריק אינ׳ם „פאַטערלאַנד״ – בין איך אַרײַן אין אַ וואַגאָן פון דעם צוג, וואָס געהט־אָב נאָך קאָוונאָ. געווען איז עס בײַ דער נאַכט, און דער וואַגאָן איז געווען כמעט אַ פוסטער. עס איז נאָר געזעסען אין איין עק וואַגאָן אַ קריסטליכע פאַמיליע, און אין דעם אנדערען עק האָט זיך צוגעטולעט אין רעכטען סאַמע פינס־טערען ווינקעלע אַ ייד פון מיטעלע יאָהרען, קענטיג, פון אַ קלײַן שטעדטעל.

איך האָב זיך געזעצט געגען דעם יידען, וועלכער האָט זיך זעהר דערפרײַט מיט מײַן יידיש פנים, און איך האָב איהם, ווי געוועהנליך, אין אַזעלכע פעלען, גאַנץ מאַשינאַל געפרעגט: פון וואַנען פאָהרט א ייד?

– פון אויסלענדישע פראָפעסאָרען, – האָט ער מיר ווי עפעס פערשעמט געענטפערט.

איך האָב איהם מעהר ניט געפרעגט, נאָר מײַן שכן, קענטיג, האָט אַלײַן געוואָלט מעהר רעדען, און האָט באַלד צוגעגעבען:

– לפלוג האָב איך אײַך ניט גאָר־ריכטיג געזאָגט, ווײַל

געווען ביי די פראָפעסאָרען בין אין שוין געווען מיט 3 חדשים צו־ריק, און איצטער פאָהר איך דאָס פון דער באד, וואוהין די פראָפעסאָרען האָבען מיך געשיקט, און זאָג איך אייך, אז אַ אויס־לענדערשער פראָפעסאָר איז טאַקי פאָרט אַ גרויסער ידען באמת, אָט למשל פאָהר איך איצטער אַ פרישׁ געזונדער אהיים.

– מיט וואָס האָט איהר געליטען פריהער, אויב מ'קען עס ביי אייך פרעגען?

מיין שכן האָט אויף מיר לאַנג אַ קוק געטהון און האָט באַלד איראָניש מיט אַ פרעהליכען טאָן אָנגעהויבען אַ גאַנצע היסטאָריע, וואָס איך גיעב דאָ איבער מיט זיינע ווערטער.

– מיט וואָס האָב איך געליטען? דאָס איז, זאָג איך אייך, דוקא אַ רעכטע שאלה, ווייל לפלוג זאָגענדיג בין איך געווען, הלואי אויף אלע חולאים געזאָגט געוואָרען, נאָר קראַנק בין איך פאָרט געווען, און – איהר וועט לאַכען – אז אויף עפּעס אַ איינשמוענעס. נאָר פריהער וואָלט איך אייך וועלען פרעגען, איהר זאָלט מיר זאָגען – צו ווייסט איהר, אז עס איז דאָ אַזאַ סאָרט קרענק „רוקי־ווערך", וואָס זאָל, למשל, אָבקאָסטען 500 זילבערנע רובל נאָך מיט 3 חדשים ברעכענעס אין אויסלאַנד, איז נו אָט קאָן איך אייך זאָגען, אז איך בין דאָס געווען ניט פאַר אייך געדאַכט, קראַנק אָט אויף דער חלאת. איך מיין אויף דעם „רוקי־ווערך". נאָר אָט איז די גאַנצע היסטאָריע מהחל ועד כלה

איך בין מיר אַליין אין אַ קליין שטעדטעל אַ שניט־קרעמער, פון די גרעסערע קרעמערס דאָרטען, און אז עס איז געקומען צום סעזאָן, איז מוז מען דאָך פאָהרען אין וואַרשאָ נאָך סחורה. נאָר דאָ האָב איך, זאָג איך אייך, אָבער גאָ־אָר קיין חשק ניט געהאַט, לחלוטין קיין חשק ניט געהאַט צו פאָהרען אין איצטיגער צייט קיין וואַרשאָ, ווען מען לייענט זיך אָן אין די בלעטער. כ'ווי? איך דאַרף דאָך אייך ניט דערצעהלען... איז, זאָג איך אייך, נאָר לא און לא – עס קאַלופּעט אַזוי אין האַרצען חוץ, כ'ווי? נאָר וואָס איז

די פעולה, יעֶ חשק צו ניט חשק, אַז מעֶן קאָן אין קראָם אָהן סחורה ניט בלייבען, איז וואָס טוט אַ ייד, ווייסט איהר? גאָר פשוט – אַ ייד איז זיך מפקיר, און פאָהרט!

ובכן אַז איך דאַרף מאַכעֶן אין אַזאַ צייט אַ נסיעה נאָך וואַרשאָ איז, זאָג איך אייך, ס'איז מיר ניט ניחא געֶוועֶן ממש דאָס לעֶבעֶן, און דעֶר עיקר, איך וועֶל אייך ניט לייקעֶנעֶן. דעֶר עיקר האָט מיר געֶשראָקעֶן אָט דעֶר „רוקי־וועֶרך", ביי וועֶלכעֶן עֶס האָט געֶטראָפעֶן אַזוי פיעֶל אונגליקעֶן, און מעֶהר ניט ווייל יעֶנעֶ האָבעֶן זיך נעֶבעֶך צוטומעֶלט און האָבעֶן ניט געֶמאַכט אַזוי גיך אָדעֶר ניט אַזוי כדין, ווי מ'דאַרף דאָרטעֶן... הייַנט, פרעֶג איך אייך, מיט וואָס בין איך דאָס מעֶהר קאָזאַק פאַר יעֶנעֶ? מ'דאַרף עֶפּעֶס וואָס? גראָד – מעשה־שטן – צוטומעֶל איך זיך אַליין, כ'מיין פאַר וואָס עֶפּעֶס ניט, בפרט ווען עֶס שרייט זיך דאָס אויף אַ משונה'דיגעֶן טולעֶר אָדעֶר קאַלוגעֶר לשון, וואָס געֶה טרעֶף, וואָס עֶר מיינט, און דאַן, איז דאַרף איך דאָך אייך ניט דעֶרצעֶהלעֶן! – האָט איהר אייך שוין איין פרישעֶ אַלמנה מיט פיצעֶלעֶך יתומים!... און מיינט איהר דאָך אפשר, אַז איך בין פון טבע אַ פחדן? זאָג איך אייך בנאמנות, אַז דוקא דעֶר הפוך, אַז ביי אונז אין שטעֶדטעֶל רעֶכעֶן איך זיך גראַדעֶ פון די בריות, ביי אַ שרפה, למשל. אָבעֶר ביי יעֶצטיגעֶר צייט, ווען אין די בלעֶטעֶר איז טאָג טעֶגליך?... איך דאַרף אייך ניט דעֶר־צעֶהלעֶן, פאַלט דאָך אָן אַ שטיקעֶל פחד.

בקצור, וואָס עֶס קומט נעֶנטעֶר צום פאָהרעֶן, איז אָט דעֶר „רוקי־ויעֶרך" קריכט מיר פון קאָפּ ניט אַרויס, וואָס איך האָב עֶפּעֶס ניט געֶטאָהן, וואָס איך האָב עפּעֶס ניט געֶקלעֶרט, האָט זיך מיר אַלעֶס געֶפּלאָנטעֶרט אין מח אָט די נאַרעֶשעֶ ווערטעֶר. עֶס האָט מיר ניט גלאָזעֶן רוהעֶן, איך זאָג אייך, טאַקי ווי מ'זאָגט: בשכבי ובקומי; ניט געֶגעֶסעֶן, ניט געֶשלאָפעֶן, להבדיל ווי עֶפּעֶס ביי טיטוס הרשע: „טיק־טיק" „רוקי־וועֶרך", „רוקי־וועֶרך"! און עֶס איז דעֶרגאַנגעֶן אַזוי ווייט, זאָג איך אייך, אַז בעת איך פלעֶג

רעדען, פלעגט זיך מיר עפעס ווי להכעיס ארויף קויקלען דער „רוקי־ווערך" אויפ'ן שפיץ צונג און אט–ווען איך זאג אייך א ווארט, פיהל איך, וועל איך מוזען קאנצען מיט „רוקי־ווערך"! איהר וועט דאך לאכען, נאר איך זאג אייך בנאמנות, אז די לעצטע טעג פאר'ן פאהרען איז וויעפעל מאל אין קראם ביי מיר פלעג איך בעטען מיין מעדעל דארטען, למשל: ציפקע, דערלאנג מיר דארטען א שטיקעל... און אנשטאט צו זאגען דארטען א שטי־קעל געוואנד אדער קראט, פלעג איך פיהלען, אז איך וועל מוזען זאגען: דערלאנג מיר דארט דעם רוקי־ווערך! ס'איז נאך א שטיקעל חסד געוועזען, וואס איך פלעג נאך קענען חאפען פערבייסען דעם צונג און אבשווייגען. איז אבער דא, ווי צו להכעיס, הויבט זי אן, די מעדעל, טויזענד מאל: הא, וואס זאל זי דערלאנגען? היינט געה זאג איהר, אז זי זאל מיר דערלאנגען דעם „רוקי־ווערך"? א פאר מאל האב איך פארט אויסגעדערט זיך און דא האט דאס מיידעל פער־קויקעלט זיך פון געלעכטער, און איך קלער מיר: מרשעת, וואס מיינסטו, איך שפיל זיך דאס מיט דיר? ... איהר לאכט? איך דער־צעהל דאך דאס שוין איצטער אין פריידען, נאר די מעשה איז גע־ווען, זאג איך אייך, נאך פיעל, פיעל הארטער, ממש חאטש נעם און ווער שטום...

נאר דאס איז נאך געוועזען א פאר שפיעל, די אמת'ע קרענק. ניט פאר אייך געדאכט, איז ערשט געקומען שפעטער. ווי איך וועל אייך דערצעהלען.

מילא הקיצור, וואס טוט מען מיט איהר, איך מיין מכח ווארשא, אז פאהרען מוז איך? בין איך זיך מישב, אז קודם כל מוז איך זיך מאכען א האריץ, און דער עיקר איז מ'דארף זעהן ניט זיין קיין פחדן, ווייל דאס, זאגט מען, איז גאר איין אומגליק. נאר אויסער דעם מאך איך מיר אזא פלאן: ראשית, קלער איך מיר, דארף מען ביי זיך אריין נעמען פעסט אין מח, אז חלילה וחס, איהר פערשטעהט דאך, איז ביים ערשטען פיפס „רוקי...!" בעת דארפען

אין גאַס, זאָל איך שוין שטעהן אויסגעצויגען מיט מיינע ביידע הענט איך דער הויך ריכטיג נאָכ'ן שולחן־ערוך כדת, ווי עס דארף צו זיין, נאָך אֶפשר טאַקי בעסער... נאָך פאַר'ן פּיפּס, וואָרום איך האָב מיר שטענדיג מיין כלל, אז מ'מוז זיין אַלע מאָל אַמקדים, זאָל בעסער מיינע איבערגעהן, כ'וויי, למשל, אז איך זעה פון ווייטען אַ פּריץ, איז מיין כלל – נעם אַראָב די היטעל, אי טאָמער איז דאָס אַ פרעמדער פּריץ, איז כ'וויי, וואָס האָב איך דאָ דערביי פער־לאָרען.

איז דאָס ראשית, והשנית, קלער איך מיר, איז דאָס אפילו מעשה־איינגעלש, נאָר בעת סכנה איז וואָס דען שייך – איז לפּלוג גאָר קיין נאַרעשקייט ניט, כ'מיין פּרובירען אפשר מאַכען אַזעלכע מיני, ווי מען רופט עס, רעפּעטיציעס מיט הענד, ד. ה. איינגע־וועהנען זיי הויבען זיך אָהן אַמכשול... און, וואָס זאָל איך זיך שעמען, כך הוה: – איך האָב, שטילערהייט געוועהנליך, אָנגע־הויבען מאַכען רעפּעטיציעס; איך פלעג זיך שטעלען אַנטקעגען שפּיגעל און שטילערהייט פלעג איך צו זיך אליין אויסרופען: „רוק...! און צופ – מיט גאָטעס הילף פלעג איך אַוואָרף טהון די הענד איבער'ן קאָפּ אויסגעצויגען אין דער הויך כדת, אַזוי איין מאָל, אַזוי דעם אנדער מאָל כסדר. ביז איך זאָג אייך, די הענד האָבען זיך שוין געהויבען ממש ווי אויף פּרוזינעס: – „רוק...!" – און כהרף־עין, די הענד זענען שוין אין דער הויך, עס האָט אפילו דערביי ביי מיר פון 2 רעקלעך געפּלאַצט די נעט אונטער די אַרבעל, נאָר דאָס וואָלט איך שוין מוחל געווען, איז אָבער דארף איינמאָל, מעשה־שטן, אָנקומען אויף דעם מיין ווייב און פרעגט מיך, וואָס ציה איך זיך אַזוי מאָדנע, צו ברעכט מיר ניט די ביינער, צו האָב איך ניט וואַרעמקייט? זאָג איך דאָך, אז גאָר נישט, איז ער אָבער ווי אַ קלעק: ס'איז, זאָגט זי, עפּעס ניט קיין געזונדער ציהען זיך. מילא איך האָב איהר געמוזט ווייזען דעם צונג, צו איז ער ריין, און אַז זי האָט מיר נאָך אַ טאַפּ געטהון דעם שטערען, אָט בין פּטור־

געוואָרען, נאָך גוט וואָס זי האָט ניט פערשטאַנען, ווען ניט געה דערצעהלט איהר מעשות? בקיצור, איך וועל אייך לאַנג ניט ברייען. מיט דעם בין איך אַוועקגעפאָהרען אין וואַרשאָ.

געקומען בשלום קיין וואַרשאָ, איז מילא תיכף פערפאַלען געוואָרען מיינע תקיפות, נאָר דאָך נעם איך זיך צו געשעפט, ראשית זעה איך, ליתר בטחון, אַזוי איינאָרדענען, אַז איך זאָל די געלד מיינע מיט זיך אין גאַס ניט טראָגען, נאָר עטליכע איינציגע רובל'ס לאָז איך איבער מיט אַ כיון, וואָרום קלער איך מיר, אַז מען געפינט ביי מיר גאָר לײדיגע קעשענעס איז אויך קיין מעלה ניט, זאָל בעסער עפּעס זיין... און איך געה אַרויס אין גאַס, אין גאַס–איז דאַרף איך דאָך אייך ניט דערצעהלען – איז אַז מען לעבט נאָך, געהט מען, נאָר ווייסט איהר ווי? אָבגעגאַנגען אַ פּאָר טריט און געבענטשט אין האַרצען גומל. צו די צרות איז מען נאָך אַ שטיקעל שלים־מזל און איך טרעף אַריין פאָהרען אין וואַרשאָ דוקא אין אַ טומעלדיגען טאָג, עס איז געווען, איך וועל אייך ניט מגזם זיין, פול די גאַסען מיט מונדירען און „טײַטלען". איז פערשטעהט איהר דאָך שוין, אַז עס וואַרפט, ווי אין קדחות, נאָר דאָך בין זיך מישב און קלער מיר: דעם בקם אַפילו האָסט דו, אָבער שכל האָב איך; וואצו טויג מיר אין גאַנצען די בעגעגענישען מיט דער גומל בענטשען, מיט די האַרץ־רייסענעס, גלייכער דאָך בעצייטענס אַריין געהן אין אַ טויער און יוצא! און כך־הוה, ווי נאָר איך האָב דער־זעהן פון ווייטען אַ שפיץ „טײַטעל", איהר פערשטעהט דאָך, איז מיינער שוין אין אַ טויער. איך בין אַפילו יענעם טאָג אויסגעווען אין וואַרשעווער הויפען, בלא גוזמא, איבער הונדערט, און איין גאַס אַפילו האָב איך דאָרטען כסדר אין אַלע טויערען אויסגע־טאַנצט: פון איינעם אַרויס, אין אַנדערען אַריין, נאָר כ'מיין, אַ ברירה האָב איך געהאַט? וואָלט איך נאָר קענען דאָס יעדער מאָל דער־ווייזען, איז דען ווענען טרחה דאָ אַ רעד? וואָלט עס נאָר געהאָלפען! און טאַקי מאַכט זיך, אַז ווי איך געה אַרויס פון איין טויער, ערשט

איך צוקלאַפּ זיך שיער ניט מיט עטליכע אַזעלכע גדולים מיט „טײַטעלעך״ און איך דערפֿיהל גלײַך, אַז אָט בין איך שוין ניט איך, און בלײַב שטעהן... און דער מה אַרבײַט מכּוח די הענד, איז אָבער אַ פּנים, אַז זײַ, איך מײַן, מײַנע הענד, זענען שוין געווען אין דער הויך איבערען קאָפּ אָהן מײַן ווילען, ווײַל אונטען האָב איך זײַ שוין ניט געפֿיהלט... צום גליק האָט מיר אָבער גאָר נישט פּאַסירט, און אַ פּנים אומזיסט האָט איך זיך מקדים געווען... איך וויל אָבער נעהן אַזוי ווײַטער, דערזעה איך, — נאָר דאָס איז גאָר נישט — דערהער איך עפּעס אַ הויכען קול, איז ווײס איך אַפילו ניט, ווער און וואָס האָט אויסגעשריען, נאָר געֶנוג! — איך קען שוין ווײַטער ניט געהן, און איך פֿיהל, אַז איך האָב שוין מײַנע הענד ווײַטער ניט אונטען, און ווען ניט אַ גוטע מתנת־יד, וואָס איז מיר אָנגעקומען פֿון הינטען און מיט וועלכען כּח איך בין אָבגעלאָפען עטליכע טריט — איז וואָלט איך זײַ אפֿשר קײן מאָל ניט געפֿילט אונטען. קומענדיג אַביסעל צו זיך, איז דער ערשטער געדאַנק געווען, פֿערשטעהט איהר דאָך, אַ טויער, און ווי איך האָב נאָר בעוויזען אַרײַן נעהן אין טויער, איהר וועט דאָך לאַכען, האָב איך כּהרף־עין אויפֿגעהויבען די הענד און שטעה אַזוי מיט זײַ... בערוהיגט זיך אַביסעל, רוק איך שוין אַרויס דעם קאָפּ פֿון טויער און דוכט מיר, עס איז שטיל, ערשט, ווי פֿון דער ערד זענען אויסגעוואַקסען עפּעס אַ זעלכע — עס מוז זײַן די קאַווקאַזער — אויף זײערע פֿערד מיט די טײַטלעך אין האַנד מוכן ומזומן... כ׳מײַן, פֿערשטעהט איהר דאָך, אַז איך בין שוין צוריק הינטער׳ן טויער. און צופּ! — איך האָב שוין ווידער די הענד מײַנע אין דער הויך!... און איך זאָג אײַך, אַז גאָר אָהן מײַן ווילען... מילא דערלעבט, אַז עס איז רוהיגער געוואָרען, רוק איך זיך שוין אַרויס אין גאַס און דאָ, זאָג איך אײַך, פֿיהל איך, אַז עס גלוסט מיר זיך אַלץ הײבען די הענד... איך בין זיך אָבער גובר און רעכען שוין נעמען אַ דראָזשקע, נאָר בינתיים האָט איהר דאָך מסתּמא פֿריש שפּאָגעל נײַע טײַטלעך מיט קנעפּלעך און דאָ בין איך ווײַטליך

פֿון אַ טיוער, גיעב איך זיך דאָך אַ קעהר צוריק, ערשט פֿון הינטע געהען נאָך טייטלען!.. איז פֿערשטעהט איהר דאָך, וואו מיין נשמה איז דאַן געוועזען, און דאָ דערהער איך עפּעס ווי אַ קול, איז ווייס איך ניט, צו איז דאָס געוועזען טאַקי דער אמת'ער „רוקי=ווערך" אָדער עפּעס אַזוי אַ קול, נאָר איך שטעה שוין און פֿיהל שוין ניט די הענד מיינע אונטען... און דאָך וואָלט איך וועלען מקיים זיין נאָך אַמאָל, איז אָבער שטעלט אייך פֿאָר, אַז מיינע הענד זענען שוין לאַנג אין דער הויך אָהן מיין ידיעה, איז חאָטש געה און בעשאַף נאָך אַ פּאָר נייע הענד... בקיצור, אַז מיינע הענד האָבען אַליין מקיים געווען דעם ריכטיגען רוקי.. האָב איך איבערגעלעבט די טאַפּענעם מיט הצלחה, כמעט גאָר אָהן ריסוק=אברים, נאָר געפֿיהלט האָב איך, אַז ווייטער געהן קען איך ניט און דאָ די צופּענעס פֿון די הענד ביי יעדער „טייטעל" – איז אַפּילו אונטערען טויער צופּ! – זיי זענען שוין אין דער הויך... כ'מיין, איז בין איך שוין ניט געגאַנגען ווייטער און גענומען אַ דראָזשקע גלייך צוריק אין אַכסניה.

געקומען צו זיך נאָמער אין, איז איידער איך האָב נאָך פֿערמאַכט הינטער זיך די טיר – ווי עס האָט מיר גלייך אַ צופּ געטהון ווי עפּעס אַ כשוף און איך שטעה שוין מיט אויפֿגעהויבענע הענד... פֿרעגט וואָס, ווען, דאָ אין נאָמער? נאָר ס'איז עפּעס געווען אַזאַ מין „וועלענעס" האָטש כ'וויים? בשום אופֿן ניט איינצוהאַלטען, און איך זאָג אייך. עס געהט ניט אַריבער קיין עטליכע מינוטען און איך נעם אַ קוק טאָהן אין בייטעלע זעהן די עטליכע רובל'ס... ערשט צופּ ווייטער! – איך האָב נאָך אַפּילו געמוזט צוליעב דעם אויפֿהויבען זיך פֿון שטעל, ס'זאָל זיין בעקוועמער אָדער ריכטיגער נאָכ'ן דין... קורץ איך זעה, אַז ס'איז עפּעס אַ הלאַת, און אַ מאוסע חולאַת, עס איז געגוג געווען אַ שאָרך – און מיינע הענד פֿליהען שוין איבער'ן קאָפּ. למשל, ס'קלאַפּט אָן אין דער טיר משרת פֿון אכסניה, ווי דער מנהג איז אין די גרויסע שטעדט, איז וויים איך דאָך גוט, אַז

דאָס גענהט דער משרת און דאָך, אַז ער קומט אַרײַן אין נאָמער, געפֿינט ער מיר מיט די הענד אין דער הויך ... איך האָב איהם אַפֿילו געזאָגט, אַז עס רײַבט מיר שטאַרק די בײַנער און נעבעטען אַ גלאָז טעה, כ׳מײַן, וואָס דאַרפֿען נאָך פֿרעמדע וויסען?

נאָר וואָס זאָל איך אײַך מאַריך זײַן. איך האָב שוין מײַנע געשעפֿטען אין וואַרשאָ ניט געמאַכט און בין אין אָווענד מיטען צוג אַוועקגעפֿאָהרען צוריק אַהײם, געלאָזען האָב איך נאָר אַ צעטעל מײַן קאָמיסיאָנער און ער האָט מיר שוין נאָכהער צוגעשיקט די סחורה.

אַז איך בין געקומען אַהײם, איז בעהאַלטען זיך האָב איך שוין ניט געקענט, עס פֿלעגט מיר אַלע ווײַלע, זאָג איך אײַך, אָנחאַפּען, חאָטש כ׳ווײס? און ניט מאַכען איז ניט געווען קײן יכולת... דעם ווײַב מײַנער האָב איך פֿעסט געזאָגט, אַז עס ברעכט דאָס מיר שטאַרק די בײַנער און עס ציעהט זיך דאָס אַזוי, איז הײסט זי מיר נעהמען פֿריהער ריצין=איל און פֿאַר׳ן שלאָף 10 גראַן חינה, איז חינה נעם איך טאַקי. אפֿשר, קלער איך, וועט עס העלפֿען, נאָר געהאָלפֿען האָט עס, ווי אַ נעכטיגער טאָג. קיצור הדברים מ׳האָט געפֿרעגט בײַ אונזער דאָקטאָר, האָט ער אַפֿילו גלײַך געזאָגט, אַז דאָס איז אַזאַ נערווענע זאַך און געגעבען פּלעשלעך, נאָר בעסער איז ניט געוואָרען: דער „רוקי=ווערך" ליגט אויפ׳ן שפּיץ צונג און די הענד צופּען אַלע ווײַלע... נו, אָט איז געבליבען איך זאָל פֿאָהרען צו פּראָפֿעסאָרען אין אויסלאַנד, אין אַ רוסישע שטאָדט האָב איך ניט געוואָלט פֿאָהרען, די אויסלענדישע פּראָפֿעסאָרען האָבען מיר כמעט גאָר קײן פּלעשעלעך ניט געגעבען. נאָר דערהויפּט: וואַנעס, לעבלעכע וואַנעס און האָבען מיר צוויי מאָל אַ טאָג עלעקטריזירט מיט אַזעלכע מאַשינקעס. נאָר דער עיקר, האָבען זיי געזאָגט, אַז אויב איך קען פֿערבלײַבען און ניט פֿאָהרען אַזוי גיך צוריק אין רוסלאַנד. אין דאָס דער בעסטער מיטעל, איז אָט בין איך דאָס געפֿאָהרען אין באַד, וואוהין זיי האָבען מיר פֿערשריבען.

נו, גאָט צו דאַנקען, אַז איך פאָהר איצטער צוריק בשלום אַ גזונדער! געקאָסט האָט עס מיר, ווי איך האָב אייך געזאָגט, 500 רובל, נאָר כ'מיין געה, האָב טענות צום רבונו של עולם? אין וואַרשאָ רעכען איך דאָך ערשט פאָהרען, אַז איה"ש עס וועט זיך אין גיכען בע־רוהיגען אין גאַנצען...

מיט דעם האָט מיין שכן געענדיגט און איז באַלד אויך אַראָב אויף אַ קליינע סטאַנציע ניט וויַיט פון מיין שטעדטעל. איך האָב זיך מיט איהם געזעגענט און געווינשט, ער זאָל קענען אין גיכען שוין קומען נאָך וואַרשאָ...



# די יעליסאוועטגראדער אנארכיסטען.

די יעליסאוועטגראדער ראשי-הקהל האבען ארויסגעלאזען איין אויפרוף צו די ארטיגע יידען, אז זיי טארען ניט געבען קיין געלד די אנארכיסטען, און מ'זאל זיי איבערגעבען אין די הענד פון דער פאליציי.

(פון די צייטונגען).

נאכדעם, אז אונזערע ראשי-הקהל האבען גלאזען אויסרופען, דאס יעדער בעל-הבית פון שטאדט יעליסאוועטגראד (איך בין דאס א דארטיגער) איז מחויב זעהן איבערגעבען די אנארכיסטען אין די הענד פון דער פאליציי, און מען טאר זיי ניט געבען, בשום אופן, אפילו א פרוטה ניט, — איז מיר ווי שווערע שטיינער אראב פון הארצען. ווארום מיט זיי, מיט די אנארכיסטען הייסט עס, איז גאר ניט קיין גוטער עסק געוועזען. ס'איז רעכט געוועזען, דו זאלסט זיך אבשטעהן א גאנצען טאג אין געשעפט, האמפערען זיך מיט די קונים און אוועקלייגען די כחות וועגען א גראשען, וועגען א פיערטעל פראצענט, און דא, פארנאכט, קומען זיך אריין צו דיר אט די גוטע געסט, מיט די בראונינג'ס אין די הענד, און מאכען דיר אין איין רגע פאר א שענעם בעל-הבית. און דו שטעה אין געהאקטע וואונדען, מיט די הענד אין דער הויך, און שריי „חי וקים"!

איצטער אָבער קלער איך מיר, איז — עד כאן! — איהר וועט שוין אפילו א פּוס ניט אריינשטעלען... וואָרום למאי, קלער איך מיר, זאָלען זיי זיין אזעלכע גרויסע נאראָנים און קומען צו מיר, היות: ווארפט אוועק, ר׳ ייד איירע אלע געשעפטען, געהט פיהרט אונז אָב צו דער פּאָליציי, אז דעם אוטשאסטאָק האָבען זיי מסתמא ניט אזוי ליעב, אלא אייב יאָ - איז ווייסען זיי דאך אליין דעם וועג אהין...

אזוי האָב איך מיר געקלערט, אז זיי, די אנארכיסטען הייסט עס, וועלען געוויס זיין קלוגע, און איך וועל מיר פון היינט אָן קאָנען שוין רוהיג זיצען אין מיין געשעפט, נאָר אָבער געה האָב צו טהון מיט אזעלכע פערשטאָפּטע קעפּ!...

ויהי היום — ס׳דויערט ניט קיין פּאָר טעג נאָכ׳ן „כרוז״, רוקען זיך אריין צו מיר אין געשעפט עטליכע בחורים, גראָד ווען איך בין שטארק פערנומען מיט קונים: היות — מורי ורבותי — רוקי ווערך!... מילא, דעם „ברוך־הבא״ זייערען, זענען מיר אלע, ב״ה, גלייך מקיים, איך מיין: מיר הויבען אויף אלע די הענד, ווייל, שקצים, דאָבען געהאלטען אנגעשטעלטע פּיסטאָלעטען אין די הענד, און נאָכדעם פרעג איך זיי: ווער זיי זענען? מיר זענען, ענטפערען זיי קורץ, אנארכיסטען. — אנארכיסטען? — קלער איך מיר אין הארצען, — טאָ האָט איהר היינטיגס מאָל ניט געטראָפען! נאָר ס׳זאָל אייך דאָך קיין גוטער ייד ניט קענען, קלער איך ווייטער, וואָס איהר זענט מיר געקומען גראָד, ווען איך בין שטארק פערנומען. נא דיר איצטער א עסק! ווארף אוועק אלע געשעפטען און געה פיהר זיי אָב צו דער פּאָליציי! נאָר, מילא, ס׳איז דאָך שוין פערפאלען, זיי זענען דאך דאָ, — און איך וויל צוגעהן צו זיי, איז אָבער, שקצים, האָבען בשעת־מעשה אויסגעשאָסען אין דער לופטען און ס׳נעמט מיר אָב, לא־עליכם, די פּיס... איז דאך שלעכט! נאָר בין איך זיך מישב און גיב א ווינק מיט׳ן האנד אין דער הויך צו מיין שותף, אז ער זאָל מוחל זיין נעמען אויף זיך

די טרחה און אַוועקפֿיהרען זיי, די אַנאַרכיסטען, הייסט עס, אין אויטשאַסטאָק, ווייל ביי מיר, ווינק איך איהם, זענען, ב״ה, די פּיס אָבגענומען. — איז אָבער שטעהט ער, מיין שותּף אויך, אַ פּנים, איין אָבגענומענער הענד מיט פּיס און אַפילו, לא=עליכם, דעם לשון... גיב איך שוין אַ צווייטען ווינק צו מיין עלטער'ן משרת, זאָל ער, הייסט עס, מקיים זיין דעם כּרוז פֿון אונזערע „ראשי־הקהל״, — איז מאַכט ער מיר עפּעס אויך צוריק מיט די פֿינגער אויף דער טהיר, און איך פֿערשטעה ניט, וואָס ער מיינט... מאַך איך ווייטער צום צווייטען משרת — איז אָבער יענער, לא=עליכם, גאָר בּלינד געוואָרען, און זעהט ניט, ווי איך מאַך מיט די פֿינגער... קורץ, איך זעה, אַז מיט'ן ווינקען וועל איך גאָר נישט מאַכען, הויב איך שוין אָן מיט ווערטער: ר׳ זרח, זאָג איך, בּיי מיר, איז, לא=עליכם, די פּיס אָבגענומען, טאָ זייט איהר זיך מטריח!... איז אָבער, כ'מיין דער שותּף, טאַקי בּאמת אָהן לשון און שווייגט ווי די וואַנד. ווענד איך זיך שוין צו מיין משרת, דעם עלטער'ן: ר׳ חיים, זאָג איך, ס'איז שוין אויף אייך געפֿאַלען דער גורל; איהר מוזט שוין אַזוי גוט זיין זיי אָבפֿיהרען, — איז ער אָבער אויך, ב״ה, אָהן לשון און מאַכט נאָר אין דער הויך מיט די פֿינגער און מאַכט אַזאַ פּנים, ווי איינער זאָגט: האָט רחמנות, אַ ווייב מיט קליינע קינדערלעך!... ווענד איך זיך שוין צום צווייטען משרת — בּרומט אָבער עפּעס יענער אַזעלכע ווערטער, וואָס איך קאָן ניט פֿערשטעהן, ווייל ס'האָט איהם, ב״ה, געקלאַפּט אַ צאָהן אָן צאָהן, נאָר פֿערשטאַנען האָב איך, אַז ער איז, לא=עליכם, אויך ניט „ביכולת״... קיצור הדברים: איך זעה, אַז ניט מיט'ן ווינק און ניט מיט ווערטער וועל איך דאָ עפּעס מאַכען, בּלייבּט בּיי מיר זיך ווענדען צו די בּעלי דברים אַליין, איך מיין צו די אַנאַרכיסטען, און זאָג זיי בּזה הלשון: רבּותי, זאָג איך זיי, — איהר זענט געקומען איצטער, זאָלט איהר קיין פֿעראיבּעל ניט האָבען, גאָר ניט צו דער רעכטער צייט. איהר זעהט דאָך אַליין, דאָס איך בּין איצטער

זעהר פֿערנומען מִיט קונִים, און דער גאַנצער עסק מִיט'ן אִיבערגעבען וועט דויערען אַ גוטע שעה צייט, ווייל ס'אִיז פֿון דאַנען גאַנץ ווייט, און אַגב מיינע פִּיס... אַגב זענען מיינע משרתִים אויך, ב"ה ווי אִיהר זעהט, אָהן לשון... אפשר, זאָג אִיך, ווע‍לען מִיר עם מאַכען אַ נדחה בִּיז פֿארנאַכט?.. ווִילען אָבער די לייִדאַקעס נִיט: ס'אִיז, זאָגען זיי, אַ שענע געשִיכטע, אפשר קומען צו איין נאָך אַמאָל? ס'מוז, זאָגען זיי, געשעהן שוין דאָ אויפ'ן אָרט!.. דאָ, זאָג אִיך, קאָן דאָך עס נִיט געמאָלט זיין, סיידען אפשר, זאָג אִיך, אִיך זאָל איין אָבשִיקען מִיט מיינעם אַ בחור'ל? וואוהִין שִיקען? — פֿרעגען זיי פֿערוואונדערט. — וואוהִין, זאָג אִיך, ווייסט אִיהר דאָך אַליין, ווייל אִיהר האָט דאָך, מסתמא, שוין געהערט, וואָס אונזערע ראשי־הקהל האָבען מכריז געווען?.. נאָר דאָ ברעכען זיי אוים מִיט אַזאַ געלעכטער, אַז אִיך האָב געמיינט, דאָס זיי האָבען עס נאָך אַמאָל אויסגעשאָסען פֿון די פִּיסטאָלעטען... אָט אִיצטער, זאָגען זיי, פֿערשטעהען מִיר, וואָס אִיהר האָט צו אונז גערעדט, אַלזאָ ווִילען מִיר טאַקי, אַז אִיהר זאָלט אונז באַלד, לא יאוחר, פִֿיהרען צו דער פּאָליציי, און דערווייל, זייט מוחל, און געבען דריי הונדערט קערבלעך!... און — נִיט וואַרטענדִיג, בִּיז אִיך וועל זִיך אַליין מטריח זיין — געהען חברה צו צום קאַסע און נעהמען, לא־עליכם, בעלי־בתעווען... הויב אִיך דאָך אָן געוואַלדעווען: סטייטש, אִיך טאָר דאָך איין אַ גראָשען נִיט געבען! — און ווִיל צוגעהן צום קאַסע (די פִּיס וואָלטען נאָך אפשר דערשלעפּט), אִיז אָבער, שקצִים, שטעלען אָן ווִידער די פִּיסטאָלעטען... הויב אִיך שוין אָן מִיט גוטען: סטייטש, זאָג אִיך, ס'אִיז דאָך קיין שכל נִיט, ס'אִיז דאָך אַ אִיסור!.. לאַכען זיי אָבער און זאָגען (דערווייל צעהלען זיי די געלד אויך), אַז געלד מוזען זיי נעהמען, ווען נִיט וועלען זיי דאָך נִיט זיין קיין אַנאַרכִיסטען!.. אִיז אִין פֿלוג זענען זיי אַביסעל געוועכט, פֿון דעסטוועגען הויב אִיך אָן: סטייטש, זאָג אִיך, פּאַני אַנאַרכִיסטען, אִיך וואָלט איין געגלויבט אויפ'ן וואָרט! — אִיז

אָבער זענען זיי פֿערנומען מיט דער קאַסע און ענטפֿערען אַ וואָרט ניט (אַ פּנים, בײַ געלד ווערען זיי אויך ערנסט...). קורץ, אַז זיי זענען דאָרטען, כ׳מיין, לא־עליכם, בײַ דער קאַסע, פֿאַרטיג געוואָרען, זענען זיי צוגעגאַנגען צו מיר אַזוי פֿריינדליך, און איינער אַפּילו האָט מיר אַזוי ברידערליך געגעבען אַ זעץ אויפֿ׳ן פּלײצע: נו — זאָגען זיי — איצטער זענען מיר פֿאַרטיג און איהר קאָנט אונז פֿיהרען צו דער פּאָליציי!.. איז דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך ווייניג חשק געהאַט, ערשטענס, די קונים... אַגב די פּיס... נאָר ס׳איז דאָך אַ איסור — הויב איך אָן שטעלען אַ פּוס, איז אָבער, שקצים, שטעלען אָן אַנטקעגען סאַמע האַרצען זייערע פּיסטאָלעטען... אוי, זאָג איך, מאַכט איהר דאָך שפּאַס! ס׳איז, ענטפֿערען זיי, קיין שפּאַס ניט, ס׳מעהר ניט בײַ אונז אַזאַ רגילות. געפֿעלט מיר אָבער אַזאַ רגילות זעהר ווייניג, און איך גיב אַ ווינק צו מײַן איינגערען משרת, אַ בחור׳ל (ער איז בײַ מיר אַ חוואַט), און ער, דאָס בחור׳ל, וויל טאַקי נעהמען געהן, איז אָבער, שקצים, שטעלען אָן אַנטקעגען איהם אויך זייערע פּיסטאָלעטען, — און מײַן בחור׳ל געפֿעלט, אַ פּנים, אויך ניט אַזאַ מין רגילות — און ריהרט זיך שוין מעהר פֿון אָרט ניט... אַלזאָ וואָס וועט זײַן? — ווענד איך זיך שוין צו די אַנאַרכיסטען מיט גוטען: — איהר האָט דאָך, זאָג איך, אַ מיאוס׳ע רגילות, און אויב געגאַנגען — איז געגאַנגען!... איך וועל, זאָג איך זיי ווייטער, האָבען פֿון אונזערע ראשי־הקהל אויסגעריסענע יאָהרען, אי געלד געבען, אי נאָך ניט פֿיהרען צו דער פּאָליציי?..

הקיצור, טענה׳ען זיי אָבער, אַז אַ רגילות — איז אַ רגילות, און ס׳איז שווער זיך אָבצוגעוואָהנען, נאָר וועגען דער פּאָליציי איז — אַזוי ווי זיי זעהען, דאָס איך האָב קיין צײַט ניט איצטער, אַגב די פּיס... (חברה לאַכען נאָך בשעת מעשה) און אַזוי ווי זיי אַליין האָבען איצטער אויך קיין צײַט ניט — וועלען זיי עס אָבלייגען ביז אַ צווייטען מאָל... איז בעשטימט? — פֿרעג איך, — ס׳איז דאָך, פֿערגעסט ניט, אַ איסור! — בעשטימט, מיר וועלען זיך נאָך זעהן, —

ענטפערען זיי און נעהמען געהן צום טהיר... און אז עס האט שוין געהאלטען ביים טהיר, ווערט מיר די מעשה דאך עפעס ניט געשמאק, און איך הויב אן צו בעטען די געלד וויינינגסטענס צוריק: גזלנים, זאג איך, די געלד גיט דערוויילע צוריק! אבער, חברה, לאזען זיך פערנאנדער, שיסען אויס אין דער הויך און געהן אוועק...

איז, דוכט זיך, שען און ארענטליך, ניט איך בין געווען שולדיג, און ניט אפילו די אנארכיסטען, נאר, אין א שעה ארום, זענען געקומען צו מיר צולויפען א פאר פון די ראשי-הקהל מיט געוואלדען: סטייטש, אי געלד געגעבען, אי דער פאליציי זיי ניט איבערגעגעבען!.. היינט געה דערצעהלט זיי מעשיות, אז ביי מיר זענען, לא-עליכם, שוואך געווארען די פיס... אז ביי מיין שותף איז, ב"ה, אבגענומען לייב און לעבען... אז ביי מיינע משרתים איז אויך ניט געווען קיין „יכולת"... און אז ביי די אנארכיסטען איז א מיאוסע רגילות!.. איין גאט איז מיין עדות!..



# דער לאַקאאוט.

(אַ לעגענדע).

אין דער גרויסער ווייטער שטאָדט בערלין אין אַ שענעם האָטעל, אין אַ בעזונדערען צימער, ביי אַ גרויסען טיש, פול אָנגעוואָרפען מיט ביכער – זענען דריי מעכטיגע פאַבריקאַנטען געזעסען.

צוויי חדשים זענען זיי פון טיש ניט אַוועק און אַזוי טאָג און אַזוי נאַכט האָבען זיי שטענדיג די ביכער געבלעטערט, געבלעטערט און געזיפצט, געזיפצט און די ציפער געצעהלט:

– דריי מיליאָן „ראַסהאָד", פיער מיליאָן „ראָהאָד" – סך-הכל: איין מיליאָן רוח!..

– איין מיליאָן „רוח"! דאָס איז דאָך דאָס ערשטע און קלענסטע ציפער!..

– אך, וואָס פאַר אַ אָרעמע קערלען מיר זענען!..

און אַז עס האָט דעם עלטערען איין מאָל זעהר ביים הארצען פערנומען, האָט ער די ביכער מיט כעס פון זיך אָבגעוואָרפען און האָט זיך צום הימעל געווענדעט:

– אָ, דו אַלמעכטיגער „הונגער", נאָר דו איינער ביזט אים שטאַנד אונז אין אונזער אומגליק העלפען, אָ, וואו נעהמען מיר דיך!..

און נאָך האָבען די ווערטער אין צימער געקלונגען – האָט

זיך די טהיר ראַש געעפֿענט און אַ לאַנגער סקעלעט, בעצויגען מיט אַ דינע גרינע הויט, איז אין צימער אַריין.

דערשראָקען האָבען זיך זעהר די פֿאַבריקאַנטען: איינער האָט זיך אונטער׳ן טיש בעהאַלטען, דער צווייטער האָט זיך אין אייזערנעם שראַנק פֿערשלאָסען, און דער דריטער איז אָהן לשון געבליבען.

— האַ, האַ האַ! וואָס פֿערלאַנגען פֿון מיר די גוטע פֿאַבריקאַנטען? איך בין עס דער „הונגער" וועלכען איהר האָט ערשט גערופֿען.

און פֿון אונטער׳ן טיש האָט אַ ציטערדיגע שטימע געזאָגט:

— ברוכים הבאים, אַך, ווי שען און רייצענד דו זעהסט אויס... נאַר, מיין פֿריינד, די צייט איז געלד און איך וועל צום ענין רעדען: אין דער ווייטער קאַלטער צפֿון-לאַנד איז דאָ אַ שטאָדט, זי איז שטענדיג מיט רויך בעדעקט, און אין דער שטאָדט, מיין פֿריינד, זענען אַלטציג טויזענד „עסער" דאָ, שרעקליכע עסער... זיי האָבען שוין ביי מיר מיין הויט און פֿלייש אויפֿגעגעסען און ווילען אויך (נאָך איז זיי ווענִיג) מיינע אָרימע ביינער צוגריזען...

— אויך פֿון אייזערנעם שראַנק הערט זיך גלייך אַ שטימע:

— שלום הבאים! דו ביזט אונזער רעטער! נאַר צייט איז געלד און איך וועל אויך צום ענין רעדען: מאַכען מיר, גוטער ברודער, אַ לאָקאַוט, דו וועסט אַרבייט האָבען — און מיר וועלען אונזערע אָרימע ביינער ראַטעווען... אַך, וואָס פֿאַר אָרימע קערלען מיר זענען... אין די ביכער, ווען דו ווילסט, קענסט דו עס זעהן: דריי מיליאָן „ראַסהאָד", פֿיער מיליאָן „דאָהאָד" — סך הכל: איין מיליאָן „רוח"...

און אויך דער, וואָס איז אָהן לשון געבליבען, האָט מיט רחמנות אויף זיין מויל און בייך געוויזען...

– מײַנע אָרימע פֿאַבריקאַנטען! האָט דער סקעלעט גערירהרט געזאָגט, איך בין גערען אײַך צו העלפֿען, אָבער איך קען אײַערע „עסער", איך בין בײַ זײ א אָפּטער גאַסט. זײ װעלען זיך פֿאַר מיר װײַניג װאָס דערשרעקען...

– זײ האָבען אָבער אויך פֿרויען! – האָט דער אײנער פֿון אונטער'ן טיש געזאָגט.

– אויך האָבען זײ קלײנע קינדער! – האָט דער אַנדערער פֿון שראַנק געזאָגט.

– קינדער... פֿרויען... – האָט אויך דער שטומער מיט די הענד געװיזען.

– ?!

און נאָך א קורצען קלערען האָט דער סקעלעט געזאָגט:

– גוט, מײַנע אָרימע פֿאַבריקאַנטען... דער לאָקאַוט איז געשלאָסען... איך געה צו דער אַרבײַט!...

און אַז ער איז פֿערשװאונדען געװאָרען – איז דער אײנער פֿון אונטער'ן טיש אַרויסגעקראָכען, דער צװײטער פֿון אײַזערנעם שראַנק אַרויסגעשפּרונגען און דער דריטער האָט זײַן לשון געפֿונען.

---

און עס זיצען די דרײַ פֿאַבריקאַנטען בײַ זיך אין צימער, בלעטערען די ביכער, בלעטערען און זיפֿצען, זיפֿצען און צעהלען די ציפֿער.

און אַז עס קומט פֿאַר האַלבע נאַכט, קריכט אײנער אונטער'ן טיש, דער צװײטער פֿערשליסט זיך אין שראַנק און דער דריטער בלײַבט אָהן לשון...

און אַז עס קומט די גענויע האַלבע נאַכט עפֿענט זיך אויף די טהיר און דער סקעלעט געהט אַרײַן:

– פֿריידער צו מײַנע שותּפֿים! הײַנט זענען בײַ מיר דאָרטען

אין יענער שטאָדט וואָס איז שטענדיג מיט רויך בעצויגען — דרייסיג „עסער" פון הונגער אויף דער גאַס געפאַלען... וועלכע פאָדערונגען זאָל איך יעצט שטעלען?

און פון אונטער'ן טיש, און פון שראַנק, און אויך דער שטומער מיט די הענד ענטפערען צוגלייך:

— אַכטצעהן שעה אין מעת־לעת אַרבייטען, איין מאָל נאָר עסען, און דרייסיג פראָצענט אַרונטער פון די שכירות...

און ווידער זיצען די דריי מעכטיגע פאַבריקאַנטען, איינער אונטער'ן טיש, דער אַנדערער אין שראַנק און דער דריטער אָהן לשון.

און ווידער געניוי האַלבע נאַכט קומט אַריין דער כקעלעט:

— פריעד און זעגען צו מיינע שותפים! היינט זענען ביי מיר דאָרטען אין יענער שטאָדט ביז הונדערט „עסער" פון הונגער אויף דער גאַס געפאַלען... וועלכע פאָדערונגען זאָל איך יעצט שטעלען?

און צוויי שטימען, אויך הענד פון אַ דריטען, ענטפערען גלייך:

— פופציג פראָצענט אַרונטער פון די שכירות, עסען גאָר ניט, און 25 שעה אַרבייטען אין מעת־לעת...

— האַ, האַ, האַ! איהר האָט, מיינע גוטע פאַבריקאַנטען, אַ טעות געהאַט: אין מעת־לעת איז דאָ נאָר 24 שעה.

— מיין ליעבער, מיר האָבען קיין טעות געהאַט: די שעה וועט מען אָבּרעכענען פון די שכירות...

און דער אַלמעכטיגער „הונגער" איז אַ צופריעדענער פערשוואונדען.



# דער וויבאָרשטשיק.

— ר׳ חיים, ר׳ חיים! – האָב איך אָבגעשטעלט מײַן פֿרײַנד, וועלכער איז פֿערשמײַעט געלאָפֿען אין גאַס מיט אַ פֿערקאַטשעטען הוט אויף דער פּאַטיליצע, – וואוהין שמײַעט איהר דאָס אַזוי?

— האַ! איך האָב קײן צײַט ניט איצטער, ערשט נאָך דער דומע וועלען מיר שמיעסען...

— וואָס פּאָרט איז געשעהן?

— ענטשולדיגט מיר, איך קען זיך ניט אָבהאַלטען. סײַדען לויפֿט מיט מיר צוזאַמען, וועל איך אײַך דערצעהלען.

איך בין געווען זעהר נײַגעריג און איך מיט מײַן פֿרײַנד האָבען זיך געלאָזען איבער דער גאַס אין אַ גוטען גאַלאָפּ.

— איך בין – האָט ער אָנגעהויבען פֿערסאָפּעט, – איך בין אַ קאַנדידאַט אויף אַ וויבאָרשטשיק אין דומע און איך לויף דאָס איצטער אין „אָקציזנע אופּראַוולעניע" בעשטעטיגען דעם פּלאַן פֿון מײַן דירה מיט דער בעזונדערער קיך און דער בעזונדערער טיר.

— מ׳דאַרף דאָך אָבער גאָר נישט האָבען קײן פּלאַן פֿון דער דירה, וואו האָט איהר אַזאַ „זאַקאָן" אויסגעקראַצט?

— הײַנט דאַרף מען ניט, און מאָרגען קען דער סענאַט... איהר פֿערשטעהט? – מ׳דאַרף בעוואָרענען... נאָר – האָט מיר אַ גוטען – איהר לויפֿט ניט אַזוי גיך, און איך מוז נאַכהער נאָך אין

צירקעל לויפען... און ווי אַ טײַוועל איז ער אַיועקגעלאָפען ווײַטער.

אויף מאָרגען טרעף איך איהם ווײַטער אין גאַס שמײַענדיג.

– וואָס איז ווײַטער, ר׳ חיים, איהר שמײַעט נאָך אַלץ?

– איך האָב קיין צײַט נישט, ווילט איהר, טאָ לויפט מיט, איך לויף איצטער פון צירקעל וועגען אַ „האַראָשע פּאָוועדעניע״. און איך מוז נאָך צום פאָטאָגראַפשציק לויפען, ער זאָל מיר מײַנע פאָטאָגראַפיעס מאַכען צו מאָרגען. איהר פערשטעהט. מען מוז זיך בעזאָרגען... נאָר איך זעה, אַז אײַך איז שווער צו לויפען, נאָך דער דומע איה״ש... אַ גוטען! גוּן! ווי אַ טײַוועל איז ער אַיועקגעלאָפען ווײַטער.

אין צוויי טעג אַרום בעגעגען איך מײַן פרײַנד אין גאַס און אַלץ שמײַענדיג מיט דעם פערקאַטשעטען הוט.

– נאָך אַלעס זײַט איהר פערנומען, ר׳ חיים? – שטעל איך איהם אָב.

– האָ! נו, לויפט מיט, איהר פערשטעהט, מען מוז זיך אַלעס בעזאָרגען, עס איז נאָך געבליבען עטליכע וואָכען ביז דער דומע, און ווער ווייס, וואָס פאַר׳אַ „ראַזיאַסנעניעס״ עס קאָן נאָך זײַן... מען מוז זיך מקדים זײַן. איך לויף איצטער בעשטעטיגען מײַן „בראַטשנע״ און נאָכדעם דאַרף איך נאָך לויפען בעזאָרגען אַ „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ״, ווײַל טאָמער ווער איך אַ דעפּוטאַט – פערשטעהט איהר?...

– אַ פּראַוואָזשיטעלסטוואָ? צו משוגע זײַט איהר?

– אַלעס קאָן מעגליך זײַן, פערגעסט ניט, אַז ס׳איז נאָך דאָ אַ פּאָר וואָכען צו דער דומע... נו, האָט אײַך אַ גוטען, איך זעה, אַז אײַך איז שווער צו לויפען, און איך האָב קיין צײַט ניט.

אין אַ פּאָר טאָג ווײַטער טרעף איך ווידער מײַן פרײַנד לויפט ווי אַ טײַוועל איבער׳ן גאַס, די צונג אַרויסגעשטעלט, די הוט פערקאַטשעט און פערדרעהט.

— ר׳ חיים, ר׳ חיים! רוף איך איהם און לויף שוין גלייך מיט איהם — נאָך אַלץ ניט פֿערזאָרגט?

— אַך, פֿרעגט ניט, עס איז דאָ נאָך אַזױ פֿיעל ארבייט, איך לויף איצטער פֿון קאַנצעלאַריע, איך וויל אַרויסקריגען אַ פּאַפּיר, אַז איך געהער ניט צו קיין אָפּאָזיציאָנעלער פּאַרטײ. איך גלויב, אַז דאָס וועט זיך געוויס „ראַזיאַסנאַיען״... נאָכדעם דאַרף איך נאָך לויפען וועגען דער „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ״. דאָס געהט צו זעהר שווער. איהר פֿערשטעהט, מען מוז מיט דריידלעך... נאָר אַ גוטען אייך, אַ רחמנות אייערע פֿיס, איך מוז לויפען. —

אויף מאָרגען טרעף איך ווייטער מיין פֿריינד לויפֿט און שמייעט. די הוט האַלט ער שוין אין האַנד און פֿון שטערען רינט שווייס.

— נו וואָס, ר׳ חיים, ווען ווערט איהר שוין פֿערטיג?

— איהר לויפֿט מיט, נו, גוט. נאָך אַ פּאָר טעג ווער איך שוין, דוכט מיר, פֿערטיג, מיט גאָטעס הילף, איך לויף איצטער נאָך פֿערזאָרגען די סווידעטעלסטוואָ פֿון „פּאָקען״ און נאָכדעם וועל איך לויפען מכח אַ „זאַגראַניטשנעם פּאַס״... איהר פֿערשטעהט, מ׳דאַרף זיין אויף אַלעם גרייט, נו, האָט אייך אַ גוטען, איהר לויפֿט זעהר פּאַמעלעך, און מיר איז קורץ די צייט.

און צייט 8 טאָג שפּעטער טרעף איך ווייטער מיין פֿריינד לויפֿט מיט אַ קליינעם טשעמאָדאַנטשיקעל אין האַנד.

— ר׳ חיים, ר׳ חיים! לויף איך צו און לויף שוין מיט איהם אין גאַלאָפּ: — אַזױ לאַנג זייט איהר נאָך אַלעם ניט פֿאַרטיג מיט די „פּאַפּירען״?

— האַ! איהר זייט עס, זייט אייך געזונד! איך פֿאָהר אָב אויף אַ קורצע צייט. די פּאַפּירען האָב איך שוין, גאָט צו דאַנקען פֿערטיג, נאָר ליתן בטחון, שאַדעט עס ניט ביז נאָך די וויבאָרעס אָבפֿאָהרען אַביסעל. געכטען, ווען איך בין אין דערהיים ניט געוועזען, האָט מיך אַ סטאָיקאָווע געפֿרעגט, ווייס איך ניט למאי... זייט מיר געזונד, איך מוז לויפען ניט פֿערזאַמען דעם צוג.

# דער בּלאָק.

(אַ לעגענדע).

געשעהן איז עס אין דער צייט פון וואַהלען, אין דעם ליטווישען ירושלים, אין דער שטאָדט ווילנא.

און געשעהן איז דאָרט אַנס: פאַר די זעכס הונדערט מיט דרייצעהן יידישע פּאַרטייען, וואָס געפינען זיך דאָרטען – איז גענוג געווען נאָר ... 2 יידישע וואַהל־קאָמיטעטען...

איינער אין מזרח פון שטאָדט, – דער אַנדערער אין מערב פון שטאָדט.

דריי טעג מיט דריי נעכט האָבען די קאָמיטעטען, יעדערער ביי זיך בעזונדער, וועגען די וואַהלען געקלערט, געקלערט און שטימען געצעהלט: דער אין מזרח, און יענער אין מערב.

און עס לויפט פערסאָפּעט אַ שליח פון „מזרח" צום „מערב":

– רבותי פון מערב! די סכנה איז גרויס... ווען מיר מאַכען נישט אַ יד־אַחת, פערשפּיעלען מיר, חלילה, די וואַהלען, איהר מוזט מיט אונז מאַכען אַ בלאָק! ...

אויך פון „מערב" צום „מזרח" לייפט אין דער זעלבער צייט אַ שליח:

– גאָספּאָדאַ פון מזרח! די אָפּאַסנאָסט איז גרויס... און ווען מיר וועלען זיך נישט פעראייניגען – וועט זיעגען דער שונא. אַ בלאָק איז זשעלאַטעלנע.

און דער „מזרח״ מיט דעם „מערב״ זענען זיך צוזאַמענגעקומען.

6 טעג מיט 6 נעכט האָט דער מזרח־קאָמיטעט מיט דעם מערב־קאָמיטעט צוזאַמען וועגען די וואַהלען געקלערט... 12 טעג מיט 12 נעכט האָבען זיי זיך וועגען די וואַהלען געאַמפּערט — און 2 רעזאָלוציעס האָבען זיי בעשאַפען: איינע פון „מזרח״, די אַנדערע פון „מערב״.

און דער „מזרח״ האָט זיין רעזאָלוציע דעם מערב־קאָמיטעט פאָרגעלייענט:

„רבותי פון מערב! היות ווי די סכנה איז גרויס, און היות ווי מיר זענען אַלע בכלל אַרום און בלויז יידען מיט איין נשמה, און היות ווי די וואַהלען איז אַ כלל־זאַך פאַר'ן כלל־ישראל, און היות ווי מיר זענען מכף רגל ועד ראש, מיט גוף און נשמה איבערגעגעבען דעם כלל־ישראל — ברענגען מיר אַ קרבן צוליעב דעם כלל־ישראל און פון די 40 מאַנדאַטען פערלאַנגען מיר פאַר זיך נאָר 2 מאָל ח״י מאַנדאַטען, און די איבעריגע 4, נישט גאָר זיכערע, גיבען מיר איבער דעם „מערב״, כדי שליסען אַ בלאָק — ושלום על ישראל!...

אויך דער „מערב״ האָט זיין רעזאָלוציע דעם מזרח־קאָמיטעט פאָרגעלייענט:

„גאָספּאָדאַ פון „מזרח״! טאַק־קאַק די אַפּאַסנאָסט איז גרויס, ווען די שטימען וועלען זיך צעברעקלען, און טאַק־קאַק די אינטערעסען פון יידישען נאַראָד טרעבעווען, ער זאָל האָבען זיינע ריכטיגע פאָרשטעהער, און טאַק־קאַק די ריכטיגע פאָרשטעהערזיינע קענען זיין נאָר דער „מערב״ — ברענגען מיר אַ זשעטרווע אונזערע פּרינציפּען, און פון די 40 מאַנדאַטען גיבען מיר איבער דעם מזרח די 4 נישט זיכערע מאַנדאַטען און נאָר די רעשט בעהאַלט 36 פאָדערען מיר פאַר אונז — כדי עס זאָל קענען געשלאָסען ווערען אַ באָלק — און עס לעבע די גלייכבערעכטיגקייט!...

אויסגעהערט די רעוואָלוציעס -- איז דער „מזרח" אוועק צו זיך אין מזרח און דער „מערב" -- צו זיך אין מערב.

און ווידער זיצען די קאָמיטעטען יעדערער ביי זיך בעזונדער צו 3 טעג מיט 3 נעכט, צעהלען די שטימען און קלערען וועגען די וואהלען...

און עס לויפט אַ שליח פון „מזרח" צום „מערב":

– רבותי פון מערב! היום קצר: די צייט לויפט, די סכנה איז נאך גרעסער, דער שונא פון דרויסען איז שטאַרק, מ'מוז מאַכען אַ בלאָק!...

אויך פון „מערב" צום „מזרח" לויפט אין דער זעלבער צייט אַ שליח:

-- „גאָספּאָדאַ פון מזרח! ז' צייט געהט ווּפּעראָד. די אָפּאַסנאָסט איז נאך גרעסער. אַ בלאָק איז ניעאָבחאָדים!...

---

און נאך אַמאָל קומען זיך צוזאַמען דער „מזרח" מיט'ן „מערב".

12 טעג מיט 12 נעכט האָבען זיי וועגען די וואהלען גע= קלערט, 24 טעג מיט 24 נעכט האָבען זיי וועגען די וואהלען זיך געאַמפּערט, און 2 נייע רעוואָלוציעס האָבען זיי בעשאַפען: איינע פון „מזרח", די אַנדערע פון „מערב".

און „מזרח" שיקט זיין נייע רעוואָלוציע דעם מערב=קאָמיטעט:

„היות, רבותי, ווי דאס יידישע פאָלק און מיר – זענען איין נשמה, און היות ווי די סכנה פון דרויסען איז אַלץ נאך גרויס, און היות אַז אויב מיר שליסען ניט, חלילה, קיין בלאָק – קענען מיר, חלילה, פערשפּיעלען די וואהלען – ברענגען מיר דעם לעצטען קרבן, און פון די 2 מאָל ח"י מאַנדאַטען אונזערע קענען מיר שענקען איין מאַנדאַט, ווען דער „מערב" וועט אונז צוריק פון יענע 4 אָבגעבען איינעם חורה... און וויסען זאָלט איהר, רבותי

פון מערב, אז ווען איצטער זייט איהר ניט מרוצה אויף אַ בלאָק־פּאַלט אויף אייך די גאַנצע אחריות פּאַר די וואַהלען, „ואנחנו נקיים!“...

אויך דער „מערב“ שיקט זיין נייע רעזאָלוציע דעם מזרח־קאָמיטעט:

„חאָטיאַ, גאָספּאָדאַ, דאָס איז געגען אונזערע פּרינציפּען, און חאָטיאַ דער יידישער נאַראָד האָט גאָר אַנדערע פּאָדערונגען, און חאָטיאַ די פּרעמדע אָפּאַסנאָסט איז אָפּשר ניט גרעסער, ווי די היימישע, נאָר אַזוי ווי דער יידישער נאַראָד און מיר זענען איין קערפּער — בּרענגען מיר די לעצטע זשערטווע, און פון די אונז געפּאָדערטע 36 מאַנדאַטען פון 40 — שענקען מיר דעם „מזרח“ נאָך איין מאַנדאַט, ווען דער „מזרח“ זאָגט זיך אָב פון 2 מאַנדאַטען פון זיינע פריהערדיגע 4, וואָס מיר האָבען איהם צוגעזאָגט... און געדענקען זאָלט איהר, גאָספּאָדאַ פון מזרח, אַז ווען מיר שליסען ניט איצטער קיין בלאָק און פערליערען דעם קאַמפּף ביי די וויבאָרעם — פּאַלט אין גאַנצען אויף אייער קאָפּ די גרויסע אַטוועטסטווע־נאָסט פאַר'ן יידישען נאַראָד!...

אָבגעלייענט די רעזאָלוציעס — האָט דער איין קאָמיטעט זיך צוזאַמענגעקליבען ביי זיך אין מזרח, דער אַנדערער — אין מערב.

און ווידער זיצען די קאָמיטעטען יעדער ביי זיך בעזונדער צו 3 טעג מיט 3 נעכט, צעהלען די שטימען און קלערען וועגען די וואַהלען...

און עס לויפט פערסאָפּעט אַ שליח פון „מזרח“ צום „מערב“.

אויך פון „מערב“ צום „מזרח“ לויפט אין דער זעלבער צייט אַ שליח...

פאָרטזעצונג קומט נאָך די וואַהלען.



# ניט געפונען.

(א מין העלעמער מעשה).

די קלאנגען, אז פאלאווגעוו איז שוין
ארעסטירט, האבען זיך ארויסגעוויזען
פאר ניט ריכטיג.
(פון די צייטונגען).

זיין וואשעסטווא איז געווען שטארק אויפגערעגט: שוין באלד אכט חדשים, אז די קליינע פינלאנדר שיקט אלע טאג „אטנאשעניעס", מען זאל אויסזוכען פאלאוונעוו'ן, וועלכען זי דארף נויטיג האבען. דרייסיג פאפיר־פאבריקען האט זי צוליעב דעם שוין געפענט און נאך האט מען דעם געוואונשענעם מענשען ניט געפונען.

זיין וואשעסטווא האט מיט כעס די פאפירען אבגעווארפען און האט שטרענג געהייסען אריינרופען צו זיך די שעפען פון אלע דריי סארטען פאליציי.

שנעל זענען אויף דעם שטרענגען בעפעהל די אלע דריי שעפען געקומען און פראנט געמאכט.

– נו, וואס הערט זיך, מיינע שעפען?

– ניט געפונען, איער וואשעסטווא.

– קיין שפור אויך ניט?

– קיין שום שפור, איער וואשעסטווא.

– וויפיעל „נאריאדען" האט איהר געשיקט?

– צו פיער הונדערט פון יעדער אבטיילונג, ווי איער וואשעסטווא האט „טאטשנע" געהייסען.

– און דאך קיין „סליער״?

– קיין „סליער״.

דא איז געווארען זייער וואשעסטווא זעהר אויפגערעגט.

– אזא סקאנדאל איז ניט געהערט געווארען אויף דער גאנצער וועלט. אלט חרשים זאל מען זוכען סך־הכל איין מענשען און ניט קענען געפינען, און פרעג, ווען און וואו? אין צוואנציגסטען יאהר־הונדערט, אין מיטען איראפא, אין אלאנד מיט דער העכסטער קולטור פון פאליציי – „אחראנגע״? – א ערגע מוז דערצו נעהמען, מען זאל די „נאריאדען״ און צווייען פערשטארקען, די גאנצע שטאדט זאל מען ארומרינגלען, די גאנצע בעפעלקערונג זאל מען אפילו פון די בעטען ארויסנעהמען – און פאלאוונעוו זאל מיר זיין!

מיט געבויגענע רוקענס זענען די שעפען שנעל ארויס און נייע אלט הונדערט נאריאדען האבען זיי ארויסגעשיקט, דריי נעכט האבען די נאריאדען פאלאוונעוו׳ן געזוכט און אויף דער פירטער האבען זיי איהם ניט געפונען...

און ווידער רופט שטרענג זיין וואשעסטווא די דריי שעפען פון די אבטיילונגען:

– נו, וואס הערט זיך?

– גנאדע, אייער וואשעסטווא, – ניט געפונען!!

– צום בעדויערען, אייער וואשעסטווא, דריי נעכט האבען מיר מיט פאנארען געזוכט, די גאנצע שטאדט האבען מיר איבער־געקעהרט... אלע „מערעס״ האבען מיר אנגענומען...

– זייט איהר אויף די בוידעמ׳ס געווען?

– אפילו אין די קעלערס.

– האט איהר די אויוועגס צובראכען?

– אפילו די טישען מיט די שראנקען.

– האט איהר זיין הויז געפונען?

– אפילו די וואהנונג.

– האָט איהר דאָרטען שטרענג געזוכט?

– ווי געהעריג, אײַער וואַשעסטוואָ; וואָס עס „פּאָלאַגאַיעט״ זיך צום צובּרעכען – האָבען מיר צובּראָכען; וואָס עס „פּאָלאַגאַיעט״ זיך צום צורײַסען – האָבען מיר צוריסען. אין אַלע טעלער, אין אַלע פלעשלעך, גלעזער, טעצלעך האָבען מיר רעוויזיעס געמאַכט; אַפילו, אײַער וואַשעסטוואָ, אין דעם נאַכט־טעפּעל האָבען מיר אַ גענויע רעוויזיע געמאַכט... און אַז מיר האָבען אַלץ ניט געפונען, האָבען מיר אָם ענדע „איהם אַליין״ געפרעגט... ער איז בײַ אַ פלעשעל געזעסען...

– נו?

– האָט ער געזאָגט, אַז ער איז ניטאָ...

זײַן וואַשעסטוואָ האָט זיך בּיטער פערקלערט:

– אַ טראַגעדיע, אַ טראַגעדיע! אַכט חדשים זאָל מען אַ מענשען ניט קענען געפינען!!



די זאַך איז געוואָרען ערנסט, פינלאַנד האָט שוין מעהר קיין פלאַץ ניט געהאַט אויף פאַפּיר־פאַבּריקען צו שטעלען, און מען האָט געמוזט אַ קאָמיסיע זעצען, דרײַ טעג מיט דרײַ נאַכט האָט די קאָמיסיע די מוחות געשאַרפט – און אַ פעראָרדנונג איז אַרויס: היות ווי די אַלע „מערעס״ האָבען צו קיין צוועק ניט געבראַכט – זאָל מען איבּערגעבען פּאָלאָוונעוו׳ן, ער זאָל זיך אַליין זוכען...

---

שוין צוויי חדשים זינד פּאָלאָוונעוו זוכט זיך אַליין. וואו ער זעהט נאָר אַ לעבּעדיגען מענשען, פרעגט ער, צו האָט מען דעם פּאָלאָוונעוו׳ן ניט געזעהן – און נאָך בּיז איצט האָט ער זיך אַליין ניט געפונען...

(ענדע וועט ניט קומען)

# אַ טָעות.

---

דער פאָרזיצענדער פון „די עָכט רוסישע לייט" ה' דובראָווין האָט ערשט אָבגעגעסען זיין עָכט-רוסישען מיטאָג, אַ מאַרענירטען „אַרמיאַנער", צוויי געבראָטענע יידען, אַ קאָמפּאָט פון „פּאָליאַקען" — און האָט אַ צופרידענער זיך איסגעצויגען אויף דער ווייכער זאָפע.

— איוואַ-אַן! די צייטונגען!

און ער האָט אויפ'ן קול אָנגעהויבען לייענען די אַנגעקומענע טעלעגראַמען פון פּעטערבורגער אַגענטור וועגען די וויבאָרעט:

„אין אַנ-סקען, באַנ-סקען, גענ-סקען אויעזדען זענען אַלע וויבאָרשטשיקעס אויסגעוועהלט פון די עכט-רוסישע.

— איוואַ-אַן! אַ פלעשעל שאַמפּאַניער!

„אין דנ-סקען, זנ-סקען אויעזדען זענען פון 128 וויבאָר-שציקעס דורכגעפאַלען 127 „עכט-רוסישע-לייט"...

— איוואַן! נאָך אַ פלעשעל שאַמפּאַניער!

„אין אַנ-סקען, באַנ-סקען, גענ-סקען"...

— איוואַ-אַן! צוויי פלעשלעך!... און לויף גלייך אין אונזער טשאַינע... די רגע זאָלען צוויי דרוזשיניקעס מיר ברענגען פון אַנ-סקען אויעזד אונזערען אַ וויבאָרשטשיק. מיר האָבען, איוואַן, געזיגט! איך האָב אַזוי פיעל השתפכות-הנפש איצטער און וויל

חאָטש איין וויבאָרשטשיק אונזערען אַזוי שטאַרק אַרום=אַרעמען, אַזוי שטאַרק קושען... נו, מאַרש!

„אין אַנ=סקען, ראַנ=סקען אויעזדען פֿון 56 דורכגעגאַנגען 82 „עלט=רוסישע".

– איוואַ=אַן !!

– איוואַ=אַן!! אַ פֿלעשעל שאַמפּ!... נאָר דאָ איז ער פֿלוצלונג אַנשלאָפֿען געוואָרען.

צוויי מעת=לעת איז ער אָבגעשלאָפֿען, נאָר אַ שטאַרקער ברעכען פֿון דער טהיר האָט איהם אויפֿגעוועקט.

צוויי דרוזשיניקעס דאָבען, דורך דער צוגראָלענער טהיר, אַריינגעשלעפּט אַ בלייכען, איבערגעשראָקענעם יונגען מענשען.

– גראַטולירע, גראַטולירע!! – האָט זיך דער פּאָרזיצענדער אַ לאָז געטהון, און אַ פּאָר געזונדע הענד האָבען אַרומגעחאַפּט דעם יונגען מאַן.

– נו, מיין באַראַשאַקעל, מיין קעצעלע. קום לאָמיר דיך האָטש גוט אָנקושען! אָט אַזוי: טצצי, טצצי, טצצי... אַי, וואָס פֿאַר אַ השתּפּכות איך האָב... און איצטער נו לאָמיר געהן אַ דרערעל. דער אמת רוסישער נאַראָד האָט געזונגט! .. אָט אַזוי: איינס, צוויי, דריי, נאָר העכער די פֿיס.

– עלט=רוסיש, עלט=רוסיש! גיכער, לעבעדיגער! איינס, צוויי, דריי.

און ווי אַ וויכער האָט ער זיך געלאָזען אין אַ משוגענעם גאַלאָפּ איבער'ן צימער מיט דעם איבערגעשראָקענעם יונגען מענשען...

פּלוצלונג האָט דער פּאָרזיצענדער אָבגעלאָזען דעם יונגען מענשען און איז געבליבען שטעהן בלייך ווי די וואַנד: ער האָט אויפֿ'ן פּאָל דערזעהן די צייטונג „ריעטש"...

– ווער האָט אַהער געבראַכט די געדרוקטע קראָמאָלע, קאַנאַליעס!!

די צוויי דרוזשינניקעס האָבען גענומען ציטערען, ווי אין פיבער.

— דאָס איז, אייער וואַשע – וואָ, אַרויסגעפאַלען פון דעם יונגען מאַנ׳ס קעשענע.

דער פּאָרזיצענדער איז אָבגעשפרונגען אויף 4 אַרשין צוריק און האָט דריי שטולען מיט צוויי טישען אומגעוואָרפען.

— צום טייפעל! וואו האָט איהר איהם גענומען?

— וואו אייער וואַשע – וואָ האָט געהייסען: פון טנ-סקען אויעזד. אַרילטינגער וויבאָרשטשיק... אוטווערזשעט...

— קאַנאַליעס, פערדעטער!!! איהר האָט איהם פון אויס-לאַנד געבראַכט. אין היילינגען רוסלאַנד איז איצטער ניטאָ קיין קראַמאָלנע וויבאָרשטשיקעס.

ביידע דרוזשיניקעס, ווייס ווי קאַלך, האָבען זיך אַ וואָרף געטהון אויף די קניה און האָבען זיך גענומען צלמ׳ען:

— ווי עס איז הייליג אונזער פאָהן, ווי עס איז הייליג אונזער „סאָיוז׳ – אַז מיר האָבען איהם גענומען אין טנ-סקען אויעזד, אַ אויסגעקליבענער וויבאָרשטשיק... אייער וואַשע – וואָ קאָן איהם אליין פרינגען.

— פון אויסלאַנד, קראַמאָלניקעס, האָט איהר איהם גע-בראַכט!... נאָך די טעלעגראַמעס פון פעטערבורגער אַגענטור איז אין טנ-סקען אויעזד ניטאָ קיין קראַמאָלנע וויבאָרשטשיקעס!! גיט אַ קוק ביי איהם זיין פּאַס, לייענט מיר איהם איבער!

ביידע דרוזשיניקעס האָבען זיך אַ וואָרף געטהון צום יונגען מענשען, איינער האָט איהם אָנגעכאַפּט פאַר׳ן קאָפּ, און דער צווייטער האָט ביי איהם אַרויסגעשלעפּט זיין פּאַס, זיי האָבען אָנ-געהויבען צו לייענען דעם פּאַס... נאָר דאָ איז איינער גלייך אַנידערגעפאַל׳ען אין חלשות אויף דער ערד. און דער צווייטער האָט נאָך איידער ער איז אַנידערגעפאַלען – בעוויזען אויס-צושטאַמלען:

„חיים חיים׳אָוגיִטש קאַגאַן״. –

דער פּאָרזיִצענדער האָט זיִך אָנגעחאַפּט אָן אַ שטול...

– פּאָליִציי אהער!... הענגען איִהם... וואַסער: וואַסער... אָ, מיינע ליִפּען!... פּאָליִציי! געקוִשט אַ זשיד!.. מיִר איִז ניִט גוט!... וואַסער, וואַס-ער, וואַ-אַסס-ער!!! אַ ז-ש-יִד-ד!!!

און ווי איין אונטערגעשאָסענער איִז ער אַניִדערגעפאַלען אויף דער ערד...



# דאָס פּראָגראַם.

איך האָב בעקומען אַ פֿאָרשלאַג פֿון רעדאַקציע פֿאָהרען וואָס ניכער אין דער „טשערטאַ“ און „אינטערוויואירען“ די נייע אויס־געקליבענע יידישע דעפּוטאַטען וועגען זייער קינפֿטיגען פּראָגראַם און טאַטיק אין דער צווייטער דומע.

זעקס מעת־לעת, ווי טאָג, ווי נאַכט בין איך אַרומגעלאָפֿען איבער די שטעדט און גובערניעס, געמאַכט זיבען מאָל הקפֿות איבער דער גאַנצער טשערטאַ, און האָב נאָך דערווייל אַלץ קיין יידישען דעפּוטאַט ניט געפֿונען...

נאָר אויפֿ'ן זיבעטען מעת־לעת פֿאָהר איך אזוי אריין אין אַ שטאָדט (צוליעב עין־הרע וועל איך זי ניט אָנרופֿען מיט'ן נאָמען), ערשט עס איז ששון ושמחה! יידעלעך שפּרייזען מיט פֿעררייסענע קעפּ און מיט ליכטיגע פּנים'ער.

— וואָס איז געשעהן? — שטעל איך אָב אַ יידען אין גאַס: — וואָס איז דאָ די שמחה?

— איהר קומט, ר' ייד, אַ פּנים פֿון יענער וועלט? איהר ווייסט דען ניט און זעהט דען ניט, אַז מיר האָבען אַ יידישען דעפּוטאַט אין דומע?

איך האָב געחאַפּט אויף־גיך מאַכען „שהחיינו“ און בין אַוועק־געלאָפֿען צום דעפּוטאַט.

דער דעפּוטאַט האָט מיך זעהר פריינדליך אויפגענומען און געבעטען זיצען.

— איהר זייט אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ יידישער צייטונג? עס טהוט דאָס מיר זעהר פרעהען (דערביי האָט ער אַרויסגענומען אַ טאַשען־ביכעלע און האָט עפּעס פערצייכענט). איהר זייט דאָס ביי מיר דער צוויי הונדערט זעקס און דרייסיגסטער קאָרעספּאָנדענט. איהר פערשטעהט, דיזעס מאָל זענען מיר אַ זעלטענער עקזעמ־פּלאַר, איינגאַנצען איך איינער און אפשר נאָך צוויי אַז פיעל אויף גאַנץ רוסלאַנד... איהר פערשטעהט? איבערהויפּט בעזוכען מיר די ענגלענדער, זיי זענען גרויסע בעלנים אויף זעלטענע עקזעמפּלאַרען... נאָר וואָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגען? אויב איהר זייט פון די ווילנער וואָכען־בלעטער, וואָלט איך אייך בעטען ענטשולדיגען און מוחל זיין קומען צו מיר מאָרגען אין דערפריה, ווייל איך בין יעצט אַביסעל מיעד. אָט ערשט איז פאַר אייך אַרויס פון מיר אַ ענגלישער קאָרעספּאָנדענט — און איהר ווילט דאָך מסתמא מיר אינ־טערוויואירען אויף 8 נומערען... גוט וואָלט געווען, ווען איהר זייט פון אַ קאָפּיקענע בלעטעל — דאַן איז גענוג אַ קיצור... ווען עס איז שוין געקומען צו רייד — קען איך אייך זאָגען, אַז איך רעכען נאָך רעדען אין דומע וועגען אונזער ליטעראַטור...

נאָר לאָמיר רעגען צום ענין! איהר ווילט, איך זאָל אייך איבערגעבען אונזער פּראָגראַם? איז קען איך אייך אין קורצען זאָ־גען, דאָס אַלס יידישער דעפּוטאַט דאַרפען מיר איבערהויפּט די יידישע פראַגע בעשיצען. איהר פערשטעהט? די גאַנצע ענערגיע דאַרפען מיר אָנווענדען נאָר אויף דער פראַגע. מיר האָבען קיינע מענשליכע רעכטע אין לאַנד, וואו מיר וואָהנען, וואו מיר ער־פילען אַלע בירגערליכע פפליכטען, וואו מיר!... קורץ — מיר מוזען די רעכטע ערדייכען. מיט דונער און בליץ מוזען מיר גלייכבע־רעכטיגונג פאָדערען, ניט בעטען, נאָר פאָדערען!... איהר פער־שטעהט? — פאָדערען!...

— נו, און ביי די איבעריגע פראגען, ווי רעכענט איהר זיך צו האלטען?

— די איבעריגע פראגען? — גיט עס דען אזעלכע פראגען, וועלכע זאָלען ניט זיין נוגע אויך אונז, אלס אאבר פון גאנצען קערפער? געוויס דארפען מיר זיי פאָדערען אזוי הויך און אזוי דרינגליך, ווי די אנדערע דעפּוטאַטען.

— למשל?

— למשל נעמען מיר די „אמנעסטיע״ — איז דאָס אונז נוגע נאָך אפשר מעהר ווי אלעמען. עס איז דאָך קיין סוד ניט, אז אין די טורמעס מוטשען זיך אונזערע אָבגעריסענע קינדער אין אפיעל גרעסערען פּראָצענט, ווי די קריסטען. און מיר טאָרען וועגען דעם ניט שווייגען, עס איז דאָך אונזער בלוט!... נאָר ענטשולדיגונג — איהר ווילט וויסען גענוי דאָס פּראָגראַם, — און צוריק רייידענדיג, נוגע איז דאָס אונז זעהר, נאָר מעהר ווי די קריסטען. נאָר אָבער אז מיר יידען וועלען אָנהויבען שטאַרק ליאַרעמען מיט דער „אמנעסטיע״, וועט מען זאָגען, איהר פערשטעהט, וועט מען זאָגען, אז מיר יידען ווילען מאַכען אַ נייע רעוואָלוציע!... מ׳זאָגט דאָך שוין ב״ה אזוי אויך, אז מיר האָבען די אַלטע רעוואָלוציע געמאַכט... און דאָ קענען מיר קאליע מאַכען אי זיך אי יענעם... נאָר ענטשולדיגט — איהר ווילט דאָך וויסען גענויער אונזער פּראָגראַם, דאַרף עס בעשטעהן, זאָג איך, אין דעם, דאָס מיר פאָדערען גלייך מיט אלעמען די „אמנעסטיע״, נאָך אפשר, אויב איהר ווילט, שטאַרקער פאַר אַלע־מען, נאָר אין דומע איז, כדי ניט קאַליע מאַכען אי זיך אי יענעם — דאַרפען מיר אין דומע שווייגען...

— נו, גלויבט איהר, אז די אגראַר־פראַגע איז אונז אויך נוגע?

— געוויס, מיין ליעבער! עס איז אונז זעהר און זעהר נוגע, וואָרום אז דער פויער וועט בעקומען ערד, הויבט זיך גלייך אויף די אינדוסטריע, דער מסחר, די פאַבריקאַציע, דאָס געשעפט,

בכּלל – דער קרעמער, דער מעקלער, און דאָס זענען דאָך אַלע מיר, מיר יידען!... עס איז אַ גרויסער טעות צו רעכענען, אַז די אַגראַר=פּראַגע איז אונז ניט נוגע, מיר מוזען זי געוויס פאָדערען צוזאַמען מיט דער גאַנצער דומע, – דאָס דאַרף אַריין געהען אין אונזער פּראָגראַם: די אַגראַר=פּראַגע מוז אויף דעם דעמאָקראַטישען אופן געלעזט ווערען. נאָר צוריק=רעדענדיג, כּדי ניט קאַליע מאַכען די גאַנצע זאַך... וואָרום מע'זאָגט דאָך שוין אַזוי אויך ב״ה, אַז מיר האָבען די גאַנצע רוסישע ערד ביי אונז אין די הענד... דאַרף זיין אונזער פּראָגראַם: שטאַרק פאָדערען פאַר די פּויערים ערד, און אין דומע שווייגען...

– נו, און ביי דער פּראַגע פון טוידט=שטראָף, גלויב איך, ווערט איהר אויך ניט שטעהן פון ווייטען?

– אַך, וואָס פאַר אַ פּראַגע! – האָבען דען מיר ווייניגער געליטען דאָ ווי אַנדערע? – איז דאָס פּראָגראַם זעהר קורץ און זעהר שאַרף: שטאַרק פאָדערען – און אין דומע שווייגען...

– נו, איצטער וועל איך אייך נאָך מטריח זיין מיט מיין לעצטע פּראַגע, און די וויכטיגסטע: איך מיין וועגען דער יידען=פּראַגע, ווי רעכענט איהר זי פערטהיידיגען?

– אַך, די יידען=פּראַגע: דאָס איז דאָך אונזער הויפּט=ציעל, אויף דעם זענען מיר דאָך יידישע דעפּוטאַטען! מיר מוזען זי, ווי איך האָב אייך פריהער געזאָגט, מיט דונער און בליץ פאָדערען, פאָדערען און פאָדערען אָהן אויסנאַהם אַלע בירגערליכע, נאַציאָנאַלע רעכטע. נאָר דאָ דאַרף זיין שוין איין אַנדער טאַקטיק, איהר פערשטעהט? מען מוז דאָ אַריינגעהן אין דער פּסיכאָלאָגיע פון צוויי פעלקער... און די טאַקטיק מוז זיין זעהר אַ טיעפע און גאָר אַ נייע... קיינע עקספּערימענטען אויף אַ פאָלק קען מען ניט מאַכען, דאָס איז ניט אַ ים=חזיר'ל אין לאַבאָראַטאָריום ביי אַ פּראָפעסאָר!... ווען מיר מאַכען דאָ אַ פאַלשען טריט, ווערט עס אונז די היסטאָריע ניט פערצייהען... אַלזאָ, למשל, ווען מיר

טרעטען אַרוים מיט קולות און געוואַלדען אין דומע וועגען אונזער גלייכבערעכטיגונג, און דאָ איז דער רוסישער פויער נאָך פינסטער... ער וועט עס ניט פערשטעהן, און פינסטערע כחות, ווי אַמין קרושעוואַן, חאַפּט עס אונטער און עס קען ווערען די לאַגע זעהר געפעהרליך... איך רעד עס, פערשטעהט איהר מיר, אַנטקעגען דעם פּראָגראַם און טאַקטיק, וועלכע דאַרפען זיך אָנהויבען ניט פון דעכטס, נאָר פון לינקס... איהר פערשטעהט: די פּסיכאָלאָגיע פאָדערט עס, ווייל, צוריק־רעדענדיג, ווען מיר אַליין פאַנגען אָן די ערשטע, פערליערט דאָס די גאַנצע קראַפט, וואָרום דאָס רוסישע פאָלק וויים זאָ־ווי־זאָ, אַז מיר ווילען האָבען אַלע גלייכע רעכטע... אַנדערש איז עס אָבער, ווען די איניציאַטיווע געהט אַרוים פון דער פּרעסע... עס האָט גאָר איין אַנדער עפעקט... קורץ, דאָס פּראָגראַם דאַרף בעשטעהן אין דעם, דאָס מיר ווענדען אָן אונזער גאַנצע ענערגיע אויף דער יידען־פראַגע, מיט דונער און בליץ פאָדערען מיר זי, נאָר אין דומע, פערשטעהט איהר, דאַרפען אָנהויבען די ערשטע פראַגע וועגען אונז די פרעמדע, די קאַדעטען אָדער אַפילו די לינקע...

— קען איך נאָך פערלאַנגען, זיי זאָלען מיר רעזיומירען זייער פּראָגראַם?

מיט פערגעניגען: פאָדערען — און שווייגען...



# דובּראָווין איז עולה־רגל.

ד"ר דובראווין האָט בּעשלאָסען פֿערלאָזען זיינע אַלע געשעפֿטען און פֿאָהרען מתפּלל זיין אין ירושלים.

(פֿון די צייטונגען).

דובּראָווין האָט אָבּגעווישט אַ טרעהר פֿון באַק און האָט זיך טיעף פֿערקלערט.

— אַך, ווי ווייניג נאָך האָבּ איך פֿאַר מיין הייליגען פֿאָטער־לאַנד געטהון! נאָך איז דער שטן און די קראַמאָלע ניט בּעהערשט!

און אַז עס האָט איהם זעהר שטאַרק פֿערקלעמט — איז ער אויף די קניה געפֿאַלען פֿאַר דער איקאָנע.

אַ גאַנצען מעת־לעת איז ער אויף די קניה געזעסען און האָט געקרעכצט:

— אַך, ווי ווייניג, ווי ווייניג האָבּ איך פֿאַר מיין פֿאָטער־לאַנד געטהון!...

צום איין־טויזענד ניין־הונדערט זיבּעטען קרעכץ איז דער גלח וואָסטאָרגאָוו אַריין און האָט זיך אויך גלייך אַ וואָרף געטהון אויף די קניה הינטער דובּראָווינ'ען.

צוויי מעת־לעת זענען זיי בּיידע אויף די קניה געזעסען פֿאַר דער איקאָנע, געזעסען און געקרעכצט, געקרעכצט און געוויינט.

צוויי הונדערט עמער טרעהרען האָבּען זיי אויסגעגאָסען, און אַז עס האָט בּיז'ן האַלז דערלאַנגט – דאַן האָבּען זיי זיך אויפגעהויבּען, האָבּען זיך אַרומגענומען, און זענען אַזוי שטעהן געבּליבּען ווײַטער אַ טאָג מיט אַ נאַכט.

פאַרטאָג, אַז די טרעהרען האָבּען זיך אויסגעטריקענט, האָט דובּראָווין אויסגעשטאַמעלט:

– מײַן הייליגער פאָטער! איך פאָהר מתפלל זיין אויפ'ן הייליגען קבר, דער שטן איז נאָך ניט בּעהערשט!...

– בּענשט דיך גאָט אויף אייבּיג עולמות, אמן! אָבּער, מײַן זוהן, אויף ווענען לאָזט דו דאָ איבּער אונז אַלעמען? נעהם מיך אויך מיט...

און נאָך אַ טאָג מיט אַ נאַכט זענען זיי אַזוי געשטאַנען, בּיז די טהיר האָט זיך אויפגעמאַכט און דער עכט־רוסישער גורלאַנד איז אַרײַנגעלאָפען.

– טפו, צום שווארצען יאָהר, וואָס חניקעט איהר אַזוי, אַלטע?! הייסט געבּען! אַ נאַסען טראָפּען... איוואַן! שאַמפּאַניער אַהער! וואָדקע, וואָדקע!..

דאָ האָט דובּראָווין פרום די אויגען צום הימעל פערגלאָצט:

– מײַן ליעבּער חבר! אויף דער ערד געוועלטיגט נאָך דער שטן, די קראַמאָלע איז נאָך שטאַרק... איך פאָהר אויפ'ן הייליגען קבר מתפלל זיין...

– אַך, אין „ארץ ישראל", דאָס לאַנד פון מײַנע אָבות... טפו!.. איך האָבּ געוואָלט זאָגען... איך מיין... יאָ, נעהמען מיר זיך בּעסער צו די פלעשלעך... אויף וועמענס קבר פאָהרט איהר? חאַ, חאַ!

– לאַך ניט, מײַן גוטער חבר, איך פאָהר אין ירושלים, אין דאָס לאַנד פון די הייליגע אַפּאָסטאָלען. און איצטער, מײַן טײַערער חבר, געה און הייס אונזער שטאַבּ מאַכען הכנות צו מײַן רײַזע, דו ווייסט דאָך, דאָס איך האָבּ אַ שוואַכע האַרץ אין ווען

ניט קענען אריבערטראָגען די לופט פון דער געפעהרליכער „טשערטאַ”, דורך וועלכער איך וועל מוזען פאָהרען. זאָל מען אין דער גאַנצער לענג פון דער ליניע פון ביידע זייטען צו צוויי הונדערט יאָרסט גוט „אויספּאָגראָמאָווען” און נאָכהער מיט קאַרבאָל אויסשפּריצען. ווייטער זאָל מען דעם שוואַרצען ים איבערטראָגען פון אָדעס קיין קישינעוו, וואו דער גרויסער קרושעוואַן וואָהנט... ווייטער וואָלט איך וועלען פאָהרען היילי:ג, עכט=רוסיש, און דעריבער זאָל מען צו דעם צוועק למעה"ש ניט צוטשעפּען די אויסלענדישע מאַשינעס, מיר, עכט רוסישע מענשען, האָבען שוין לאַנג אַליין אויסגעטראַכט אַ מאַשינע מיט פערע, נאָך פריהער איידער די קראַמאָלנע ענגלענדער. אַלזאָ אָנשטאָט אַ לאָקאָמאָטיוו, זאָל מען אַ רוסישען, סאַמאָוואַר צוטשעפּען צו די וואַגאָנעס... אַ סאַמאָוואַר מיט רעדער.

אין דריי טעג איז דאָס אַלעס געווען פאַרטיג און דובראָווין איז מיט'ן פּאָטער אָסטראָגאָוו געגאַנגען צום וואָקזאַל, נאָר אַזוי ווי גאַנץ רוסלאַנד, אַלע פעלקער מיט ווייב און קינדער זענען געקומען זיך זעגענען מיט דעם היילינגען דאָקטאָר – האָט דריי וואָכען געדויערט ביז ער האָט זיך דערקליבען צום וואַגאָן.

זעקס טעג זענען זיי ביידע אין וואַגאָן געזעסען, ביז מען האָט דעם סאַמאָוואַר דערוואַרעמט. און אַז דער סאַמאָוואַר איז אָבער ניט געגאַנגען, איז ער ווייטער געזעסען, ביז 400 קאָמיסיעס האָבען אַ עצה געפונען, ווי דעם צוג פון אָרט צו ריהרען און אַוועקפיהרען.

אַ מיטעל האָט מען געמוזט האָבען אַ עכט רוסישען, און עס איז דערום געבליבען ביי די פיער הונדערט קאָמיסיעס – מען זאָל צום סאַמאָוואַר צושפּאַנען הונדערט צוואַנציג אָקסען, ווייל שוין פון ריוריק'ן אָן פאָהרט די היילינגע רוסלאַנד אויף אָקסען...

צוויי יאָהר איז דער אָקסען=צוג געגאַנגען ביז'ן ברעג ים אין דער נייער פאָרט=שטאָדט קרושעוואַנאָוו (אַזוי האָט מען אין דער

ציַיט איבערגעמאַכט דעם נאָמען פֿון קישינעוו, לכּבֿוד דעם פּאַר־זיצענדען פֿון דער זעכסטער דומע).

צוויַי יאָהר זענען זיַי אויף אַ קליַינע רוסישע לודקע, אויף דעם שוואַרצען און מיטעלען ימים געפֿאָהרען, און בשלום זענען זיַי אין דעם היַיליגען לאַנד געקומען.

אַז זיַי זענען געקומען – זענען זיַי גליַיך צו דער ערד גע־פֿאַלען און צוויַי גאַנצע מעת־לעת האָבען זיַי די ערד געקושט. נאָר פֿלוצלונג האָט דובראָווין דעם קאָפּ אויפֿגעהויבען:

– פֿאָטער וואָסטאָרגאָוו, שפּירט איהר עפּעס ניט אַ ריח?

– ניַין, מיַין זוהן.

– איך האָב, פֿאָטער, עפּעס דערשפּירט אַ ריח, ער איז מיר נאָך ניט קלאָר, נאָר עפּעס אַ שלעכטער ריח.

– און איך, מיַין זוהן, שפּיר דערוויַיל גאָר נישט.

– ציהט, פֿאָטער, טיפֿער מיטען נאָז און מאַכט מיט׳ן נאָז אַ גריבעלע אין דער ערד.

און ביַידע האָבען גענומען מיט די נעזער מאַכען גריבלעך אין דער ערד.

– נו, היַיליגער פֿאָטער, שפּירט איהר איצטער אַ ריח?

– נאָך אַלעם ניט.

– און איך... נאָר אָ, פֿאָטער, היַיליגער פֿאָטער!... אָ, העלפֿט מיר! איך האָב דערשפּירט אַ ריח... פֿון זשידעס... אָ, מיר איז ניט גוט... העלפֿט, פֿאָטער!... און דאָ שמעקט אויך מיט יידען? אָ, איך ח–אַ–ל–ע ש!!!

– מיַין זוהן, איך האָב שוין אויך אַ האַלבען ריח... מיט׳ן אַלטען טעסטאַמענט שמעקט... אָ, מיר איז אויך ניט גוט!... העלף מיר דאָ!... וואַ–סער אַ–בי–סעל!... איך ח–אַ–לע–ש!!!

און אַז זיַי האָבען זיך אויפֿגעחאַפּט, האָבען זיַי די שיך אויס־געטהון, און מיט׳ן גרעסטען אינפּעט זיך געלאָזען צוריק אין היַיליגען רוסלאַנד...

# דער נָבִיא.

(אַ פּאַראָדיע).

אויף דער גאַס איז ער ווי אַ טייפעל געלאָפען, די פּיס ברייט פאנאַנדערגעשפּרייט, די פּאָלעס אויפגעבלאָזען, די הענד אויף הינטער אויסגעצויגען, דער הוט מיט אַ טיעפען קנייטש איז וויַיט אויף דער פּאַטיליצע אַראָבגעפאָהרען, און פון שטערען האָבען טראָפּענס שווייס געקאַפּעט.

פּלוצלונג האָט ער זיך נעבען אַ פּענסטער אָבגעשטעלט. דאָרטען איז אַן'אַנזיכטס=קאַרטעל פון „לבנון" אויפגעשטעלט געוועזען, און די בענקשאַפט האָט איהם בעהערשט... געקוקט האָט ער און טיעף געקרעכצעט. נאָר נאָכ'ן פינפטען קרעכץ איז ער וויַיטער געלאָפען. און דאָ האָט ער פּלוצלונג דערזעהן אויף אַן'עק גאַס איז אַן'אָרימער ייד מיט אַן'אָרימע אָבגעריסענע יידענע אויף דער ערד געזעסען, און האָט צופוילטע עפּעל פערקויפט. די טיעפע בענקשאַפט האָט איהם נאָך מעהר בעהערשט און ער האָט זיך צו זיי מיט ווערטער געווענדעט:

— הערט מיך צו, איהר פרעגט מיך, וואָרום לויף איך אַזוי, (איך וויים, אַז איהר ווילט דאָס מיך פרעגען) און וואוהין איַל איך? יאָ!... אַ שפּיי האָב איך ערשט אויף איהם געגעבען. אַ שפּיי מיט מיין גאַנצער פעראַכטונג, אַ שפּיי מיט מיין גאַנצען עקעל, אַ שפּיי

מיט מײַן טיפֿסטען האַס... און ווייסט איהר פֿאַר וואָס? — ווײַל דער גרויסער ישעיהו האָט איהם שוין אַרויסגעשטויסען, ווײַל דער גרויסער ירמיהו האָט איהם שוין אַרויסגעיאָגט, ווײַל שאָפּענהויער האָט איהם מיט'ן פֿוס געגעבען, ווײַל היינע האָט איהם אַרויסגעשמיסען, בערנע, קאַרלײַל, דאָסטאָיעווסקי, טאָלסטאָי, ניטשע — פֿעריאָגט האָבען זיי איהם, פֿערשטויסען האָבען זיי איהם, געשפּײַט האָבען זיי אויף איהם... און געמיינט האָב איך, אַז ער איז „אמת", געקלערט האָב איך, אַז ער איז „יושר", געטרוימט, האָב איך, אַז ער איז „ערהרליכקייט"... און איצטער, אָה, איהר קליינינקע, אָה, איהר פֿאַלשע, אָה, איהר נאַראָנים, ציטערט ווי אַ בלאַט — איך לויף איצטער צו מײַן טינט, איך אײַל צו מײַן פּאַפּיער, איך שווער צו מײַן פֿעדער!... און ווען בין איצטער בין איך ווייך געווען, וועל איך איצטער האַרט זײַן, אַ שפּײַ האָב איך געגעבען — און גרויס בין איך געוואָרען, אַ שפּײַ האָב איך געטהון — און קלוג בין איך געוואָרען, אַ שפּײַ האָב איך געטהון, און אַ נביא בין איך געוואָרען, ווײַל דער גרויסער ישעיהו האָט אויך געשפּיגען...

און געשפּײַט האָב איך אויף דעם „קאָרעקט"!...

ווײַל עס איז נאָך נישט קלאָר, אַז „קאָרעקט" איז „קאָרעקט", ווײַל עס איז נאָך נישט פֿעסטגעשטעלט, אַז אַ „מאַרק" איז אַ „מאַרק", ווײַל עס איז נאָך ניט בעוואוסט, אַז „אמת" איז „אמת"...

און געשריען האָט ער: זרע מרעים, און געליאַרעמט האָט ער: בנים משחיתים, און געשאָלטען האָט ער: זרע מנאף!...

און איך האָב אויך אַ קרעכץ געטהון, ווײַל דער גרויסער ירמיהו האָט אויך קיין „דרך־ארץ" נישט געהאַט...

און איך געה איצטער זאָגען אַ וואָרט. וועט ער נישט ווירקען מאָרגען, וועט ער נישט ווירקען איבערמאָרגען, וועט ער נישט ווירקען אין אַ יאָהר, וועט ער נישט ווירקען אין צעהן יאָהר, וועט ער נישט ווירקען איבער הונדערט יאָהר, וועט ער נישט ווירקען

איבער טוויזענד, נאָר דאָס וואָרט אָבער איז געזאָגט, וואָרום דער גרוי־
סער ישעיהו, דער גרויסער ירמיהו האָבען אויך אַ וואָרט געזאָגט...
און נישט נאָר נביאים, נאָר אַפילו די גרויסע קינסטלער און שריפט־
שטעלער: היינע, בערנע, שאָפּענהויער, קאָרלייל, דאָסטאָיעווסקי,
טאָלסטאָי, ניטשע — האָבען אויך געזאָגט אַ „וואָרט”.

זיי שרייען, זיי ברעכען, זיי שטעכען, זיי פערניכטען...

און איך — איך טהו אויך קרעכצען... און דאָס איז שטאַרקער
פון ברעכען, דאָס איז מעכטיגער פון שטעכען, דאָס איז ער־
האַבענער פון פערניכטען...

און איהר, אָה, קליינע מענטשעלעך, איהר ווייסט אַליין
נישט, ווי שען דאָס איז, ווי רייך דאָס איז, ווי עהרליך דאָס איז —
עפּעל צו פערקויפען!... נאָר וואָס איז די פעולה, אַז אייך פעהלט
די „בענקשאַפט”, איהר פיהלט דאָס ניט, איהר פערשטעהט דאָס
ניט, איהר בעגרייפט דאָס נישט. און זאָגען זאָג איך אייך, אַז
טאַקי „לא” מיט אַ גרויסען אַלף!

און אַז איהר בעקומט שוין די בענקשאַפט, בענקט איהר
נישט, ווען מען דאַרף בענקען, עס בענקט נישט, ווער עס דאַרף
בענקען, און ניט די אמת'ע בענקשאַפטליכע בענקשאַפט...

דער ייִד און די ייִדענע פון די עפּעל האָבען פערוואונדערט
געקוקט אויף דעם בעגייסטערטען נביא, זיי האָבען איהם נישט
פערשטאַנען, און די ייִדענע האָט ייִך צום נביא געווענדעט:

— קויפט, ר' ייִד, אַ פונט עפּעל, אמת'ע פּאָמעראַנצען. 10
גראָשען אַ פונט.

דער נביא איז שרעקליך איפגערעגט געוואָרען:

— דאָס פאָלק, דאָס פאָלק! ווי שען דו ביזט, ווי טיעף דו
ביזט, ווי גרויס דו ביזט, אָבער דיינע פיהרער, זיי האָבען דיך
פערדאָרבען, זיי האָבען דיך פערגרעבט, זיי האָבען דיך פער־
דאַרבט, זיי און זיי, זיי און זיי!...

און איך לויף איצטער מיין וואָרט זאָגען, אייך, נאַראָנים,

איך, פּראָוואָקאַטאָרען, איך, „קאַנט-פּערשטאַן”, שפּײַען וועל איך, ווײַל דער גרויסער ישעיהו האָט אויך געשפּיגען.

און אַז דאָס וואָרט וועט געזאָגט ווערען, וועט עס ברענגען, וועט עס שרפה׳נען, וועט עס פערניכטען, און אויב עס וועט ניט ווירקען היינט, אויב עס וועט נישט ווירקען מאָרגען, אויב עס וועט נישט ווירקען איבערמאָרגען, אויב עס וועט נישט ווירקען אין אַ יאָהר, אויב עס וועט נישט ווירקען איבער צ״ה יאָהר, אויב עס וועט נישט ווירקען איבער הונדערט יאָהר, אויב עס וועט נישט ווירקען איבער טויזענד יאָהר, נאָר דאָס וואָרט אָבער איז געזאָגט!...

און מיט גיכע טריט איז דער נביא גיך פערשוואונדען געוואָרען...

זעוועס.



„בריוועלעך אין רעדאקציע“.

# „בְרִיוְועלֶעךְ אִין רֶעדַאקְצִיעֶ״.

(אַ פּאַראָדיעֶ).

אִין ווייס נִיט, פון וואַנעֶן האָבעֶן זִיךְ געֶנוּמעֶן טעות׳ן מִיט דִי רעֶדאַקציעֶס, נאָר אויסצושטעֶהן האָב אִיךְ געֶהאַט אַ טאָג, אַז ד׳ ירחם

אִיךְ זִיץ מִיר אַזוֹי אִין רעֶדאַקציעֶ, עֶפעֶנט זִיךְ האַסטִיג די טהִיר און עֶס וואַרפט זִיךְ אַרײַן אַ ייִד פעֶרסאַפּעֶט מִיט אַנ׳אַרויס־געֶשטעֶקטעֶר צונג, ציִהט מִיט דִי גאַנצעֶ כּחות די לופט כּמעט אַ פִירטעֶל שעה און נאָכהעֶר הויבּט עֶר אָן צו שִיטעֶן:

— אַ־אוף, געֶקומעֶן חאַפּעֶן געֶזוּנדעֶ לופט געֶקומעֶן! כ׳האָב שוין געֶהאַלטעֶן, ניט פאַר אײַך געֶדאַכט, גאָר קרוֹב אָט־אָט צו דעֶרשטִיקט ווערעֶן געֶהאַלטעֶן, ס׳אַ קלײנִיגקײַט כּסדר יאָהרעֶן פעֶרעִיפוּש׳ן די לופט. מ׳איז דאָך נאָר אַמעֶנש, און אַז דִי נשמה פעֶרטראָגט נִיט אַזאַ שרײַבעֶכטס, כ׳מײן לִיטעֶראַטוּר, אִיז חאָטש אָט! חאָטש נעֶהם אִין פעֶרלאָז וואַרשאָ מִיט פּרנסה און געֶה אִין דִי הרי־חשך! און ס׳איז נאָך קאַרג — שלעֶפט מעֶן דאָס נאָך אויפ׳ן טעֶאַטעֶר שלעֶפּט מעֶן דאָס, אַז ס׳פלאַמט דאָס פּנִים פלאַמט. כ׳מײן דאָס שלום אַש מִיט זײַן „מאַנקעֶן״, מיט זײַנעֶ תּלמִידים, מִיט זײעֶרעֶ, ווי מ׳רופט עֶס פּאָנאָגראַפיעֶן, כ׳מײן ניבול־פּה מײן אִיךְ. נאָר געֶבעֶנטשט זאָלט אִיהר נאָר זײַן מִיט אײַערעֶ „זִינד״,

כ'מיין מיט די נעדרוקטע „זינד" אייערע מיין איך, אט א קאפ דורכגעלופטערט די לופט, און בין דאס דערפאר טאקי געקומען אייך מיין „יישר" זאגען און א גאנצען פינפאונצוואנציגער געבראכט צו די 125 אויף דעם „אויפוויינונגס-פאנד" געבראכט, און זאלען זיי טאקי אויפווייזען חאטש איין האלבע נקודה, אז ס'איז ניט אזוי, אז ס'איז ניט כסדר ריינער גין-גאלד כסדר און פאר ידען א ישועה, פאר ידען...

און ער האט דערביי גענומען שלעפען דאס טייסטערל פון קעשענע.

— אבער, ר' ייד, שלאג איך איהם איבער, כ'פערשטעה איין װארט ניט, וואס איהר פערלאנגט.

— ס'הייסט, כ'דיקטיר דאס א ברייוועלע אין רעדאקציע דיקטיר איך, וויל מיר האט ביים הארצען פערנומען...

— וועגען וואס א ברייוועלע? ...

נאר דא עפענט זיך ווייטער די טהיר און עס רייסט זיך אריין א אלטיטשקע יידינע, מיט א טשעפציקעל אויפ'ן קאפ, און מיט פונאנדערגענומענע הענד לאזט זי זיך גלייך צו מיר.

— כ'מוז אייך קושען, מיין רעטער, מיין גואל (כ'האב קוים בעהאלטען דאס פנים). וואס וואלט איך שוין איצטער געווען, ווען ניט איהר מיט אייערע זינד. כ'שטעה אזוי אליין אין שטוב, ס'קומען אריין א פאר פאלק אדער דער קלאג וויים זיי, אזוי אנגעטהון, ניין, ניט אנגעטהון, נאר פונקט ווי אין דער מעשה בעשריבען: עלעגאנט געקליידעט. – מיר זוכען, זאגען זיי, אנ'עלטערע קעלין. – כ'בין דאס, זאג איך. – טא, זאגען זיי, פאהרט מיט אונז אויף א שטעלע אט דא אין פאלעניצע. אין פאלעניצע, זאג איך, טא פאהרט, זאג איך, אויפ'ן זייט, צו אלדע שווארץ יאהר! איהר מיינט, כ'וויים ניט, וואס כ'טהוט זיך מיט „בערטען" טהוט זיך? און – גוואלד און גוואלד ידען ראטעוועט!... אט זענען אנגעלאפען מיינע אייניקלעך, קיין עין-הרע א צעהן שטיק, און האבען אנגע-

הויבען מיט שטעקענס, מיט בעזימער, מיר וואַלגערהעלצער דרעשען און דרעשען, און איך בין אָט אַזוי ניצול געוואָרען... גאָט ווייסט, וואו כ'וואָלט שוין היינט געווען, ווען איך לייען ניט בערטע'ס „אַביגראַפיע״. און אָט קוים געקומען צו אייך, מיין רעטער, געבראַכט אָטאַ דאָ אַ ביינגעלע פּאַפּיר פאַר דאָס בריוועלע שרייבען, איהר וועט זיך שוין אַליין מטריח זיין, און אָטאַ דאָ האָב איך 16 גראָשען אויף דעם „אויפוויזונגס־פאָנד״ פאַר די בעזע צינגער;

— און זי נעמט זיך אויך גריבלען אין אַ קניפּעל פון טיכעל. נאָר דערווייל עפענט זיך ווייטער די טהיר און עס שאַרט זיך אַריין אַ עלטערער ייד, שטעלט זיך אין מיטען צימער, פערגלאָצט די אויגען, שאָקעלט זיך פונאַנדער צו ערשט און הויבט אָן:

— ברוך אתה — שהחינו, וקימנו, והגיענו לזמן הזה! — כ'בין געקומען מאַכען די ברכה וואָס איז ביי אייך מקוים געוואָרען: „ולא תהיה קדשה בישראל״; און דאָס בריוועלע זאָלט איהר אַליין גוט זיין שוין שרייבען כפי אייער גרויסע געניטקייט, נאָר למעה״ש אַריינשטעלען דעם פסוק „ולא תהיה״, און דערווייל גיב איך 2 מאָל ח״י על הפאָנד, וואָס איהר האָט געגרינדעט, למען ידעו...

און נאָך האָט ער ניט געענדיגט, קייקעלט זיך אַריין נאָך אַ יידעל.

— אָח־האָ! מיט מיר אַליין האָט'ס פּאַסירט! איך האָב אַ אייניקעל געהאַט, האָט'ס זיך געדרעהט אַרום איהר עפּעס אַ בחור פון ראָסטאָוו, האָבען חתונה געהאַט, פערפיהרט זי איז ראָסטאָוו און, אָח־האָ, איצטער איז ביי זיי — אַ טרפה קיך... כ'געוואָלט דאָס טאַקי שרייבען...

און נאָך אַ יידעל לויפט אַריין: — כ'האָב אַליין אָט דאָס געזעהען מיט מיינע אויגען, ס'פּונקט ווי ביי אייך בעשריבען. איך בין אַזוי זיך געפאָהרען אין וואַגאָן, ערשט ס'זיצען אַ יונגע מעדעל און אַ בחור, ס'מעדעל איז געווען בלאַס, דער בחור רויט, און אויף

אײן סטאַנציע איז דאָס מײדעל אראָב און דער בחור געבליבען. אָדער נײן, דער בחור אַראָב און דאָס מײדעל איז געבליבען. און ... װאַרט, עס איז ניט אַזױ געװען... נאָר... איהר װעט מיר ענטשולדיגען, בײַ אײַך איז אפשר די פֿאַנטאַזיע רײַכער, טאָ קאָנטשעט אידר שױן אַלײן... נאָר געזעהן האָב איך דאָס, דאָס איז בעשטימט. אַ בחור און אַ מײדעל איז דאָס געװען.

און אַ פֿריש יידעל שטופּט זיך אַרײַן

– אַ בריװעלע געבראַכט, ס'הױבט זיך אָן אַזױ: – כ'האָב אַ מאַכטער, אַ יפת מראה... און דאָס איבעריגע װעט איהר שױן אַלײן גוט זײַן קאָנטשען, װאָרום עס איז אַ גרױסע מצוה, װײַל קײן סך נדן געבען קען איך ניט. אָבער אַז אַ װעלט װעט װיסען, און דערהױפּט איז זי טאַקי אַ שײן מײדעל...

– אָבער, ר' ייד, זאָגט, װעגען װאָס רעדט איהר דאָ אַלע! איך פֿערשטעה ניט אַ װאָרט...

איך קאָן אָבער װײַטער ניט ענדיגען, װײַל עס רײַסען זיך אַרײַן מיט אַמאָל אַ גאַנצע שטוב מיט קינדער, יונגלעך, װעלכע עס לױפֿט נאָך דער בעהעלפֿער, און עס װערט אין צימער אַ גװאַלדיגע קװיטשערײַ און שטױסערײַ.

– אײַך דאַנקען געקומען, עס הײסט בריװעלעך געבראַכט, פֿאַר די ליכט, עס הײסט די װאַרהײַט, פֿאַר'ן אמת, ס'הײסט צוליב'ן מוסר־השכל... ס'פֿערדריסט נאָר אױף די בעזע צינגער, ס'הײסט ס'פֿערגינען ניט, און זאָלען זײ נאָר, ס'הײסט די יאָלדעס, אױפֿװײַזען, אַז ס'איז ניט אַזױ, אַז שמײַסען אַ נאַקעטע מײדעל, ס'הײסט בערטע'ן, איז אפשר ערגער װי אָנשטאָפּען דעם קאָפּ מיט נבול־פה, דאָס איז די נײַע ליטעראַטור פֿון די יונגע שרײַבער, לאָזען זײ אױפֿװײַזען, ס'הײסט...

– אָבער, קינדער, װאָס פֿערלאַנגט איהר? ...

און אין טהיר איז װידער געװאָרען אַ גװאַלדיגער טומעל און שטופּערײַ פֿון אַ מחנה מײדלעך, יונגע און עלטערע (שײַנט

מיר מעהר עלטערע), און האָבען ווי לעמפערטען זיך געשפּאַרט צום טיש.

– אונזער בעסטער, טיעפסטער, ערהאַבענסטער, צערטליכער, „אינערליכסטער" דאַנק איך, העדר רעדאַקטאָר, פאַר רעטונג, בעשיצונג, פערהיטונג, פערזאָרגונג, בעגליקונג, בעפריינדונג, בעפריַאונג...

דאָ האָב איך שוין פערלאָרען מיין געדולד און מיט די לעצטע כחות האָב איך געשריען (אגב איז שוין דאָס צימער געוועזען פול און פרישע האָבען זיך שוין ניט געקענט אריינשפּאַרען):

– אָבער, אום גאָטעס ווילען, איהר מוזט זיך דאָ אַלע טועה זיין; וואָס פערלאַנגט איהר?

– אונזער דאַנק דרוקען אין בריוועלעך, האָבען אַלע אויסגעשריען.

– פאַר וואָס?

– פאַר אייערע „זינד".

– פאַר וועלכע זינד?

– פאַר די געדרוקטע „זינד" אין אייער בלאַט.

– דאַן, מיינע העררען, האָט איהר פערבלאָנזעט אין א פרעמדע רעדאַקציע...

און קוים האָב איך דאָס אויסגערעדט, – האָב איך געמיינט, עס איז פאָרגעקומען אַנ'ערד־ציטערניש. די קולות „אַנטלויפט, אַנטלויפט" און די שטופעריי צום טהיר זענען געוועזען אונבעשרייבליך, איך האָב געמוזט אַזש אונטער'ן טיש זיך בעהאַלטען (מען איז דאָך נאָר אַ ייד).

נאָכ'ן שטורם, אַז איך בין אַרויס פון מיין בעהעלטעניש, האָב איך די טהיר געפונען אויסגערבראָכען, און אויפ'ן פּאָדלאָגע האָב איך געפונען עטליכע היטלען צערבראָטענע, קינדערשע שיכלעך און דאַמסקע שטייגנגעס און פּאַסען...

ווייזט אויס, אַז עס איז געווען אַ גוואַלדיגע פּאַניק.

אויפ'ן טיש זענען איבערגעבליבען 16 גראָשען (די פּינפ־אונצוואַנציגער האָב איך געזוכט און ניט געפונען), און אַ קוּפּקעלע איבערגעלאָזענע בריעף אָהן מאַרקעס.

איך עפען אויף איין בריעף און לעז:

זעהר געעהרטער געשעצטער און בעליעבטער רעדאַקטאָר! איינגענטליך בין איך נאָך ניט געבאָרען געוואָרען אויף דער ווייסער וועלט און געפין זיך נאָך אין דער מאַמעס בייך, גאָר אַזוי ווי די מאַמע לייענט די „נעץ פון זינד" בקול רם און איך הער יעדעס וואָרט און ווייס די גאַנצע מעשה, בין איך אייך זעהר דאַנקבאַר, וואָס איך וועל גלייך ביים געבאָרען־ווערען שוין וויסען, ווי צו היטען זיך, אום ניט אַריינצופאַלען אין די „נעץ", און איה"ש די ערשטע קאָפּיקע, וואָס די מאַמע וועט מיר געבען אויף צוקערלעך, וועל איך דאָס אייך אַוועקשענקען אויף דעם אויפוויזונגס־פאָנד.

מיט גרויס דרך־ארץ... מיין נאָמען — (לײדער ווייס איך נאָך אַליין ניט, ווי איך וועל הייסען).

די איבעריגע בריעף — איבערלאַטאָג פרייטאָג.



# דער סופּיט.

(אַ חלום)

מיט אַ טאָג פריהער, איידער דער סופּיט איז אַראָבגעפאַלען, איז אַ פויער-דעפּוטאַט צוגעגאַנגען צום דעם פּאָרזיצענדעם גאָלאָווין'ען און האָט איהם דערצעהלט, אַז איהם האָט זיך געחלומ'ט, דאָס דער סיפּוט פון דער דומע איז אַראָבגעפאַלען.

(פון די צייטונגען)

און דאָס איז דער חלום.

עס איז נאָך האַלבע נאַכט; אין זיצונגס-זאַל פון דער דומע איז שטיל און פינסטער. די ווענד, די דעפּוטאַט'סקע שטוהלען, דער סופּיט מיט די באַלקענס, די לוסטרעס — אַלעס שלאָפט.

אַבּיסעל שפּעטער לויפט איבער דורכ'ן גאַנצען סופּיט אַ דומפּער הילצערנער קרעכץ: דאָס האָבען זיך די באַלקענס אויפגעחאַפּט פון שלאָף.

— אַ-ד-ד-ד — געגעצט שטיל אין אַ ווינקעל אַ באַלקען.

— אַ-אַ--אַך, געגעצט אַ צווייטער.

— אָאָח, חאָחאָ! זיפצט שטיל אַ באַלקען פון רעכטען ווינקעל. — די גאַנצע נאַכט מיט אַ אויג נישט צוגעמאַכט.

און עס הויבט זיך אָן אַ מערקווירדיגער שטילער שמועס צווישען די באַלקענס:

– היינט וועט זײַן בײַ אונז פרעהליך!

– געוויס! עס וועט זײַן די ערשטע זיצונג.

– פּאָרט דערלעבט, ס'איז גאַנץ פרעהליך, מען הערט און זעהט אַ לעבעדיגען מענשען.

– די גאַנצע נאַכט מיט אַ אויג נישט צוגעמאַכט, – קלאָגט זיך אַלץ דער רעכטער באַקען.

– וואָרום?

– ס'איז מיר געוועזען אומעדיג.

– חאַ, חאַ, ווען ביזט דו עס געווען געוואָהנט צו פרעהליכקײט?

– שוין 8 טאָג, אַז קײנע זיצונגען זענען נישט געווען...

– נו, וועט דאָך היינט שוין זײַן.

– וואָס איז מיר איין זיצונג!

– ס'וועט זײַן אַפילו: אײנס, צוויי, דריי, אַ סך

– ?

– מיר איז אומעדיג...

– האָבען מיר שוין געהערט דאָך פון דיר.

– איך ווייס אָבער עפּעס אַ זאַך!...

– טאָ רעד גיכער!

– איך האָב געהערט אַ קלאַנג אַז, אַז, אַז... מען וועט צו־ברייבען די, וואָס זיצען אונטען, און מיר וועלען ווײַטער דאַרפען גאָר קוקען אויף די שטומע ווענד.

די באַלקענס ווערען שטיל, עס הערט זיך אַ קרעכץ פון גאַנצען סופיט.

– ווער האָט דאָס הײַנט געזאָגט?

– איך האָב עס געהערט פון מיינע, וואָס זיצען אונטער מיר... אונז, חברים, וועט ווײַטער ווערען אומעדיג, שוין זיך צוגע־וואָהנט צו פרעהליכקײט...

עס ווערט שטיל: די באַלקענס פּערקלערען זיך.

פֿאַר וואָס עפּעס וועט מען צוטרייבען ?
— פֿאַר דעם, וואָס די, וואָס זיצען אונטען, ווייסען נישט, ווי מען דאַרף זיצען אין אַ דובאָווען שטוהל ...
— וועט מען אַלעמען צוטרייבען ?
— ניין, אויסער מיינע... זיי ווייסען יאָ, ווי צו זיצען.
— שפּיי אוים און לעג זיך בעסער שלאָפֿען, - וויצעלט זיך ערגעץ פֿון אַ ווינקעל אַ באַלקען. — ס'איז אַ ליגען, דיר האָט זיך דאָס מסתמא געחלומ'ט.
— ווי איך בין אַ באַלקען פֿון סופּית, אַז דאָס איז אמת ! איך האָב אַפֿילו דאָס געזעהן אין אַ בלאַט, וואָס איינער פֿון די אונטערשטע האָט פֿערגעסען אויף זיין שטענדער.
עס ווערט ווייטער שטיל און ווידער פֿערקלערען זיך די באַלקענס.
— שאַדע, שאַדע, שוין זיך צוגעוואָהנט.
— עה, העֶ, מעֶ ! ווידער וועט ווערען אומעדיג אַ גאַנצען טאָג מיט די שטומע ווענד.
— מען מוז, חברים, זוכען עפּעס אַ עצה.
— געוויס ! מען דאַרף עס נישט דערלאָזען.
און די באַלקענס פֿערקלערען זיך ווידער. איבער'ן סופּית לויפֿט איבער אַ שוואַכע הילצערנע קנאַקעריי. דאָס ברעכען די באַלקענס זייערע מוחות.
— אפֿשר, הבר, ווייסט דו בעטען דיינע, וואָס זיצען אונטער דיר, זיי זאָלען געבען די איבעריגע לעקציעס, ווי מען דאַרף אויף דובאָווע שטוהלען צו זיצען ?
— חכם מיינער ! וועט דאָך נאָך אומעדיגער ווערען.
— און אגב, זיי צ'בריה און קום צו צו דער טהיר.
און ווידער הערט זיך אַ קנאַקעריי איבער'ן סופּית : עס ברעכען ווידער די באַלקענס זייערע מוחות. פּלוצלונג שרייט אוים מיט שמחה דער רעכטער באַלקען :

— חברים! איך האָב אַ עצה. מיר זענען דאָך עפּעס עלטער פון זיי, און האָבען עפּעס געזעהן אויף דער וועלט. איך גלויב אונז וועלען זיי פאָלגען. לאָמיר היינט נאָך וויזען זיי, ווי מען דאַרף אין די שטוהלען זיצען, עס איז זעהר לייכט: איין שפּרונג אַראָב און יעדערער זיצט אויף אַ שטוהל. וועלען זיי אפשר אונז אויך נישט פאָלגען און זיך נישט לערנען ווי צו זיצען, — טרעטען מיר דאַן זיי נישט אָב די ערטער.

דער גאַנצער סופּיט האָט אַ דונער געטאָן:

— בראַוואָ, בראַוואָ!!

אפילו די ברעטלעך מיט די טשוועקעס האָבען פון שמחה געקוויטשעט.

— נו, איצטער, חברים, נישט געטראַכט, גלייך צו דער אַרבייט, נעמען מיר זיך אַלע צוזאַמען און איינס, צוויי, דריי!..

דעם סופּיט האָט אַ שטראַקען קרעכץ געגעבען.

— נו, דרוזשנע, ברידער, אַלע צוזאַמען!

— דער לעצטען מאָל, חברים, אַלע צוזאַמען! איינס, צוויי! דריי!

אַ שרעקליכער טראַך האָט געגעבען — און אין עטליכע סעקונדען איז דער גאַנצער סופּיט פּאָ־קאָם געזעסען אויף די דובאָווע שטוהלען און מיט פערגעניגען געשמייכעלט.

---

די לעבעדיגע מענשען, וועלכע זענען מיט שרעק אַריינגע־לאָפען אין זאַל נאָך דעם מוראָ׳דיגען קלאַפּ, האָבען אָבער נישט פערשטאַנען דעם שמייכעל פון סופּיט..

מיט דעם ענדיגט זיך דער חלום.



# ביי די קאַנדידאַטען.

נאָכדעם אַז דער פֿעראיין „פֿאַר יידישע גלייכבערעכטיגונג“ האָט בעשלאָסען אינטערוויואירען אַלע קריסטליכע קאַנדידאַטען צו דער דריטער דומא וועגען זייערע מיינונגען מכח דער יידישער פראַגע, — האָט זיך אין פֿעראיין אָנגעהויבען אַ גוואַלדיגע אַרבייט. מען האָט צוזאַמענגערופֿען אַלע מיטגלידער (און דאָס, זאָגט מען, איז נאָך שווערער פֿון קריעת ים סוף), און צוטיילט זיי די קאַנדידאַטען.

איינעם האָט מען געגעבען אַ פּראָפֿעסער, אַ צווייטען אַ גראַף, אַ דריטען אַ גלח... אַנדערע זענען אַפֿילו ניט געווען צופֿרידען מיט זייערע קאַנדידאַטען.

— איך וואָלט בעסער וועלען דעם גראַף.

— ס'געהט ניט, ליעבער, דעם גראַף האָט מען שוין פֿער־רעכענט צו הערן „ט“...

— אפשר קען מען מיר געבען דעם גענעראַל?

— ס'איז אונמעגליך. דער גענעראַל איז שוין בעשטעלט פֿאַר איין אַנדערען.

— איך וואָלט וועלען בייטען מיין גלח אויף דעם קאַמערהער.

— פֿאַר קיין געלד! — מיט'ן קאַמערהער האָב איך נאָהענטע בעקאַנטשאַפֿט...

— איך קען איבערגעבען מיין דאָקטאָר! ווער וויל?

און אָט אַזוי האָט מען ווי עס איז איינגעאָרדענט די ראָליען.

צוויי מעת־לעת נאָכדעם זענען די אַלע מיטגלידער אַרומגעלאָפֿען איבער די פּעטערבורגער גאַסען. מיט קליינע בלאָק'לעך און בלייפֿעדער אין די הענד, די צילענדערס פֿערריסענע, די רעק

פֿונאַנדערגעשפּילטע, — און אויפֿ'ן דריטען לעת־לעת האָבען זיי די רעזולטאַטען געבראַכט

און דער ערשטער איז, אַ פּערסאַפּעטער, אַרײַנגעלאָפֿען.

— נו, וואָס?

— אויסגעצייכענט!

— צום בײַשפּיל?

— ער האָט געזאָגט: אין „פּראָנט״ זענען אַלע גלײַך...

— ווער?

— ס'פֿערשטעהט זיך, אַז די יידען...

— ווער אָבער האָט דאָס געזאָגט?

— ס'פֿערשטעהט זיך — דער גענעראַל.

— נו, און וואָס איז דער טײַטש?

— פֿון וואָס?

— פֿון „פּראָנט״.

— ס'פֿערשטעהט זיך, אַז דער „פּראָנט״ הייסט דאָס לאַנד, די רעגירונג, די מענשהײַט, די וועלט בכלל...

— און ווי וועט ער אין דומאַ זיך האַלטען וועגען דער יידען־פֿראַגע?

— מײַן גאָט! ס'פֿערשטעהט זיך — מיט'ן „פּראָנט״...

און גלײַך איז אַ צווייטער געקומען צולויפֿען.

— נו?

— פּרעוואָסחאָדנע, זאָג איך, זעהר אַ דראָסטאָינער מענש...

זעהר אַ „אוראַטשנער וויבאָר״... ס'איז, זאָגט ער, גאָר קיין חילוק ניטאָ דאָס הייסט: אַלע זענען פֿון איין גאָט, און פֿאַר אַלעמען שײַנט, זאָגט ער, גלײַך די זון, דאָס הייסט, די אידעען פֿון עוואַנגעליום זענען אַ שאַץ פֿאַר דער גאַנצער וועלט, פֿאַר די גאַנצע מענשהײַט, דאָס הייסט, פֿאַר מיר און פֿאַר אײַך, פֿאַר קריסטען און יידען, דאָס הייסט, זאָגט ער, אַז אַלע מוזען זיך גלײַך ליעב האָבען. ס'איז גאָר ניטאָ קיין פֿעלקער־פֿראַגע...

— ווער האָט עס אָבער געזאָגט?

— „פאָניאַטנאָ״, דער גלח.

— און אין דומאַ?

— דאָס האָט ער, ליידער, ניט געזאָגט; אָבער, פאָניאַטנאָ, אַז ער וועט פערטיידיגען דאָס עוואַנגעליום, וועלכעס, פערשטעהט זיך, ווייס קיין אונטערשייד פון פעלקער.

— אויסגעצייכענט!

און אַ דריטער איז אַריינגעלאָפען. קוים אָבציהענדיג דעם אָטעם, האָט ער אָנגעהויבען גלייך צו שיטען:

— ס'איז באמת איין אַקאַדעמיש-געבילדעטער קאָפּ!... ס'איז, זאָגט ער, ניט אַזוי אַ ראַסען-קאַמפף, אַ רעליגיעזער קאַמפף, ווי איין עקאָנאָמישער, געבויט, זאָגט ער, אויף די קלאַסען-פערהעלטעניסען, וואָרום ווען מיר זאָלען נעהמען און פערגלייך די ביידע קולטורעלע פערהעלטעניסען און אַוועקשטעלען זיי אויף דעם עקאָנאָמישען באָדען מיט אַ באַזיס פון עקאָנאָמישע אינדוסטריעלע צווייגען, וועלען מיר בעקומען אַ ריינעם אָביעקטיוו...

— אָבער וועגען זיין האַלטען זיך אין דומאַ?

— וואַרט נאָר!... זאָגט ער ווייטער, ס'איז, זאָגט ער, די אידעאָלאָגיע פון יענע...

— אָבער וועגען דער יידען-פראַגע אין דומאַ ווי וועט ער זיך האַלטען?

— אַך, דאָס, ליידער, האָט ער ניט געזאָגט דייטליך. נאָר ס'איז דאָך פערשטענדליך, אַז ער וועט זיך האַלטען „אָביעקטיוו״, ווייל אַ רמז דערצו האָט ער דאָך געגעבען...

— זעהר אויסגעצייכענט!

און אַ פיערטער איז געקומען.

— נו, ווי איז עס ביי אייער קאַמערהער געגאַנגען? זיינע מיינונגען?

– זעהר גלענצענד! ער האָט גלײַך געזאָגט, עטליכע מאָל אפילו האָט ער דײַטליך „אוהו״ געזאָגט.

– וואָס הײַסט?

– נו, פשוט „אוהו״.

– מעהר ניט?

– ס׳איז דען וועניג?

– אָבער וואָס איז דער פשט?

– דאָך אָבער פשוט, איך האָב איהם אָנגעהויבען אַזוי און אַזוי, אײַער וואַשעסטויאָ, ס׳איז, זאָג איך איהם, זעהר אַ גרויסע עולה אין צוואַנציגסטען יאָהר-הונדערט אין שכנות מיט אײראָפּאַ, ווען אין אַמעריקאַ, ענגלאַנד, האָלאַנד, פראַנציע, איטאַליע, אַפילו אַביסעלע אין בולגאַריען, אַביסעלע אין סערביען, אפילו, זאָג איך, האָבען מיר שוין די אַלע גלײַכע גלײַכבערעכטיגונג, איז שוין צײַט, כ׳לעבען, אַז על פּי יושר און אַזוי ווײַטער, – און דאָ האָט ער מיר טאַקי דעם „אוהו״ געזאָגט.

– און וועגען זײַן בעציהונג אין דומאַ, וועגען דער יידען-פראַגע?

– האָט ער דאָך געזאָגט!..

– דעם „אוהו״?

– נו, געוויס!...

– אײַן אויסגעצײַכענטער קאַנדידאַט!...

און דער זעקסטער, דער זיבעטער זענען געקומען... נאָר דאָ איז געוואָרען אַזאַ טומעל, אַז ס׳איז שוין שווער געוועזען צו הערען און צו פערשטעהן, וואָס זיי האָבען געזאָגט. אײנס נאָר איז געוועזען דײַטליך, דאָס צופרידען זענען אַלע געוועזען זעהר פון די רעזולטאַטען, דען אַלעמען׳ס נעזיבטער האָבען, פשוט, געלויכטען...



# צווייַ קאָנסטיטוציעס.

(אַ געשפּרעך)

* * *

דו פרעגסט מיך, ברודער, ווי איז מייַן לעבען?
גאָט צו דאַנק, קאָן דען בעסער געבען!
אַלעס איז, ווי גאָט האָט געבאָטען:
אַ קליינע קרעמעל – און קינדער׳לעך געראָטען.
מזומן — קיין גראָשען געלט...
אין שטוב דאָך – האָט ניט געפעהלט:
פון אַ קעזעל אַ שפּיז, פון אַ העריִנג אַנ׳עק,
פון פלייש אַ ביין, פון קרופּניק אַ לעק –
אַלעס, קיין עין־הרע, צו זאַט,
(אפילו פאַר אַ צווייער אַ בלאַט).
נו, און אַז דער מזל שפּיעלט הויך –
שיקט גאָט צו אַ לוקסוס׳ל אויך:
פון עפּעס אַ מין רעוואָלוציע,
אַזאַ סאָרט קאָנסטיטוציע...

(וואָס דאָס איז, ווייס איך ניט אויף קלאָר,
מען זאָגט אפילו, אז דאָס האַלט זיך אויף א האָר).
נאָר די גאַנצע וועלט זינגט, כ'ווייס, אין איין האָר,
אז דאָס איז א גוטער ביסען
און ס'דאַרפען אַלע יידען געניסען.
מען גיט דאָרטען עפּעס — כ'ווייס —
א מין פאראיאָהריגען שנייס:
עפּעס בירגערליכע רעכטע
אזעלכע „פּראַוועס" עכטע.
ס'ווערען אַלע גלייך
אָרים און רייך...
הכלל, די זאַך איז גוט:
(ס'קאָסט אפילו אביסעל בלוט).
נאָר — איך מוז דיר זאָגען דעם אֶמת —
אז, נאָך ביז יעצט, האָב איך ניט פערזוכט
פון די „פּראַוועס" די פרייע פרוכט,
ווייל די אַלע גוטע זאַכען,
האַלט'ן זיך נאָך אין מיט'ן מאַכען...
דערפאַר אָבער פון די הכנות:
(שלעק און פורעניות) —
וואָס מוז קימען פאָראויס,
ווען די „פּראַוועס" געהען אַרויס, —
האָב איך צו גענוג בעקומען,
אזש דער אָטעם האָט פערנומען...
ס'איז נאָר די נחמה:
בלי ספק, מסתמא,
אז מיר וועלען די „פּראַוועס" יאָ בעקומען,
נאָך איידער, אפשר, משיח וועט קומען...

. . . . . . . . . . .

נו, און ווי געהט עס ביי אייך
אויף יענער זייט דונאי-טייך?

* *
*

ביי אונז, אין רומעניען, ניט פאר דיר גערעדט,
איז קאָנסטיטוציע שוין לאַנג געמאַכט.
מיר האָבען דאָרטען
פון אַלע סאָרטען –
אויפ'ן פּאַפּיער
„רעכטע” אָהן אַ שיעור:
מיר מעגען קויפען
ערד און הויפען.
מיר קאָנען ווערען
אויך אָפיצערען...
(אויך דיינע שלעק און פורעניות,
פעהלט אונז ניט, הלילה – בנאמנות),
הקיצור – אונזער לעבען
איז מקנא צו זיין – כ'לעבען...
נאָר אַ סיבה האָט אין דער קאָנסטיטוציע געטראָפען:
ס'האָט זיך געפונען אַ פּאַראַגראַף דאָרט פערוואָרפען,
וואָס זאָגט סתם בזה הלשון:
„פרעמדע” זענען אויסגעשלאָסען...
און ס'איז אַ גרויסע סברא,
אַז דאָ מיינט די גמרא:
זייט זשע מוחל, פון דאַנען פאָהרט,
ערגעץ ווייטער – אַהין דאָרט,
מיט'ן באַהן, צו דורך אַ פּאָרט, –
זוייל ס'ניטאָ פאַר „פרעמדע” דאָ קיין אָרט!...

און ס׳איז אַ קלער: אז פֿאַר „פרעמדע״ וענען מיר
געמיינט אין דעם דאָזיגען פּאַפּיר...

. . . . . . . . . . . . . .

דערפאַר, אָבער, לעבען מיר
אין אַן׳אַלט־קאָנסטיטוציאָנער לאַנד.
ניט, חלילה, ווי ביי דיר
אין „קיטייסקער וואַנד״!..
אויך אין צוקונפֿט׳ס־ווייט
וועט אונזער ליכט זיין העלער ווי דיין
און ביי משיח־צייט –
וועלען מיר געוויס מעהר קיין „פרעמדע״ נישט זיין!



# די באָטעם.

(לעגענדע).

אַז בײַ למכ׳ן דעם בן־יחיד, ווי ער אַלײן האָט זיך גערופען, איז געשטאָרבען זײַן טאַטע, איז ער שוין דאַן אַלט געוועזן קרוב צו 30 יאָהר און איז נאָך אַלץ געגאַנגען באָרוועס.

אײן פּאָר באָטעס, גרויסע, זענען נאָר געוועזן אין שטוב און זײ האָט געטראָגען דער טאַטע.

– מיר בײדע זאָלען טראָגען אײן פּאָר באָטעס איז אונמעגליך, וואַרט, מײַן קינד! פלעגט דער אַלטער זאָגען צו זײַן בן־יחיד, און למך האָט געשוויגען און געוואַרט.

צײַטענווײַז פלעגט אַפילו למך קוקען מיט קנאה אויף די גרויסע באָטעס, אין וועלכע דער טאַטע פלעגט שטאַרק טרעטען. און אַ שלעכטער געדאַנק פלעגט זיך אַמאָל, נישט ווילענדיג, אַרײַנגנב׳נען: ווען וועט ער שוין אַלײן אָנטהון די גרויסע באָטעס מיט די ווערשקאָווע פּאָדעשוועס!

פרום איז אָבער למך געוועזן און פלעגט נאַכהער תשובה טהון אין האַראָען פאַר אַזעלכע געדאַנקען.

און אַז דער טאַטע איז געשטאָרבען נאָך גאָר אַ געזונטער, האָט איהם למך געירשט אין גאַנצען: די גרויסע פּוסטע שטוב מיט׳ן גרויסען גאָרטען, און איבערהויפּט די גרויסע באָטעס; זײ זענען נאָך געוועזן מיט גאַנצע פּאָדעשוועס.

צופרידען איז לםך געווען מיט זיין ירושה זעהר; די פוסטע חורבה איז ביי איהם געווען אַ פּאַלאַץ: דער גאָרטען — די גאַנצע וועלט, און די באָטעס — ווי האָט ער גלייך אָנגעטהון...

— אַ אוּף! — — האָט ער פון שמחה מאָדנע אויסגעשריען, און האָט זיך צום ערשטען מאָל אויף זיין לעבען אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד אין באָטעס.

געהן אָבער אין זיי האָט ער נישט געקענט. דעם טאַטענס טריט איז נישט געווען צוגעמאָסטען אויף זיין פוס, שווער זענען זיי געווען, ווי פודינגע קלעצער, און געדריקט האָבען זיי אומעטום, איבערהויפּט אין די פינגער.

און לםך האָט זיך טרויעריג פערקלערט:

— פאַר וואָס עפּעס האָט דער טאַטע אין זיי אַזוי שטאַרק געטרעטען איבער'ן גאָרטען און נאָך ווייטער, וואו ער לםך, האָט שוין אפילו נישט געקענט זעהן.

פינסטער איז געוואָרען לםכ'ס געזיכט, ער איז אָבער באַלד מונטערער געוואָרען:

— אָאָט דער טאַטע געקענט טרעטען, עעט איך אויך קענע טרעטען! נישקשה, נאָך אפשר בעסער!

און ער איז דעם ערשטען מאָל אין די באָטעס אַוועק אין גאָרטען.

געווען איז דאָס אָכיען-צייט, אין גאָרטען האָבען נאָר גע-וואַקסען קעפּלעך קרויט.

אומגעלומפּערט זענען געווען די ערשטע טריט, נישט וואו ער האָט געוואָלט האָבען זיך געשטעלט די באָטעס.

אָנשטאָט צו געהן מיט'ן ראַזאָרע, האָט זיך דער אומגע-לומפּערטער באָט אַוועקגעשטעלט אויפ'ן בייט, און אָנשטאָט צו שטעלען דעם באָט צווישען די קעפּלעך קרויט — האָט ער זיי אומ-געלומפּערט געבראָכען איינס נאָך די אַנדערע...

די פּים האָבען געבראָכען, פֿון וועהטאָג האָט אַזש געדריקט דאָס האַרץ, נאָר גליקליך איז ער געווען: ער האָט דאָך געטראָגען באָטעס, דעם טאַטענס גרויסע באָטעס, מיט די ווערשקאָווע פּאָדעשוועס!

און אַלע טאָג האָט למך אָנגעהויבען געהן אין שטוב, אין גאָרטען, טרעטען האָט ער שוין געקענט שטאַרק. צוערשט קליינע שטרעקעס, נאַכהער ווייטער.

און אַז דער שניי איז אָנגעפאַלען, האָט ער אָנגעהויבען אויך אונטער׳ן שטאָדט צו געהן.

שלעכטע וועטערען, גוטע וועטערען, שטענדיג איז למך געווען אין „גאנג״.

אויף האַרטע שטיינער — האָט ער געטראָטען, אין ווייכע בלאָטעס — האָט ער געטאַפּשעט.

און שטענדיג האָט איהם נאָר איין געדאַנק בעהערשט: —

— אויסער די באָטעס זיינע — האָט גאָט אויף דער וועלט גאָר ניט בעשאַפען...

אַזוי האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט.

זעהר דיק זענען געווען די פּאָדעשוועס, לאַנג האָבען זיי זיך געטראָגען, און למך האָט געגלויבט, דאָס דעם טאַטענס ירושה, אַזוי ווי די שטוב, אַזוי אויך די באָטעס, דאַרפען איהם איבערדויערן.

ניטשט אייביג איז אָבער למך געווען גליקליך.

פּלוצלונג — דאָס האָט געטראָפען אין אַ רעגען־טאָג — האָט למך אין זיין געוועהנליך שפּאַציר — טרעטען, דערפּיהלט, דאָס עס איז נאַס געוואָרען אין די פּים...

ער איז געוואָרען בלאַס און איז מיט שרעק אַוועקגעלאָפען אַהיים.

די פּאָדעשוועס האָבען זיך אָבגעטראָטען, און גרויסע לעכער זענען אין זיי געוואַרען.

— ניִשקשה! — האָט למך זיִך געטרייסט, — אויבען זוענען זיי נאָך גאַנץ.

און ער איז וויַיטער געגאַנגען טרעטען.

איז שוין אָבער איצטער געווען רעגען — פלעגען זיין פּול די באָטעס מיט וואַסער, איז אַפילו טרוקען געווען — האָבען זיִך די פיִנגער פון אונטען געריבען איבער די שטיינער.

— ניִשקשה! — האָט נאָך אַלץ למך זיך געטרייסט: — אויבען זוענען זיי נאָך גאַנץ.

עס האָט זיִך אָבער „אויבען" צוריסען און באַלד זוענען אויך די פיִנגער פון די פּיס אַרויסגעקראָכען.

דאָ איז געוואָרען למך טרויעריִג, זעהר טרויעריג.

— דאָס איז שוין ניט קיין באָטעס, ביי'ם טאַטען זוענען זיי געווען גאַנצע, — האָט למך ביטער געטראַכט.

ער האָט אויפגעהערט צו געהן, און האָט זיך פערשפּאַרט אין זיין שטוב: די שכנים דאַרפען ניִט זעהן זיינע היילע פיִנגער.

שעה'ן לאַנג פלעגט ער זיצען פערטראַכט, ניט אַראָבּ־נעמענדיג די אויגען פון די שפּיץ־באָטעס, וואו די לעבעדיגע פּיִנגער זוענען אַרויסגעקראָכען.

אַ־שכן האָט איהם געפרעגט, פאַר וואָס פערלאַטעט ער זיי ניט, אפשר איז דאָס טאַקי אַ מיטעל?

און למך האָט אָנגעהויבען אַליין לאַטען, אַ לאַטע אויף אַ לאַטע געלייגט.

שטאַרק אָבער זוענען די לאַטעס ניִשט געווען; אויף אַ צופּייל־טען לעדער קען זיך לאַנג אַ לאַטע ניט האַלטען.

און אַז למך איז אַ צופּירענער, מיט די פערלאַטעטע באָטעס אַרויסגעגאַנגען טרעטען — איז ער באַלד צוריק געקומען מיט היילע פּיִנגער.

שרעקליך און ביטער איז געווען למכ'ן אויפ'ן האַרצען;

שײדען זיך מיט דעם טאטענס באָטעם איז פאַר איהם געווען ווי דער טוידט.

ניט לאַטען, נישט נײַע (ער האָט ניט פּערמאָנגט), און באָרוועס געהן האָט למך שוין ניט געקענט.

שרעקליך און ביטער!!

און ביטער איז געוואָרען למכ'ן זײַן לעבען. פון צרות אָבער האָט בײַ איהם אָנגעהויבען אַרבײַטען זײַן קלײנער מח (פריהער האָט דאָס קײנמאָל ניט געטראָפען).

און אײן געדאנק האָט למך איצטער געהאַט אין מח:

— ווער איז שולדיג, וואָס די פינגער זענען אַרויסגעקראָכען פון די באָטעס, ווער איז שולדיג?

געאַרבײַט האָט זײַן מח זעהר שטאַרק, סײַ בײַ טאָג סײַ בײַ נאַכט, און געפונען האָט ער אַם ענדע ווירקליך די אמת'ע סבה: שולדיג אין דעם זענען געווען די פינגער, זײ און נאָר זײ אלײן.

און ווײַטער האָט געאַרבײַט זײַן מח:

— שולדיג זענען די פינגער, און ווען זײ וועלען נישט זײַן, זעט נישט זײַן, וואָס עס זאָל אַרויסקריכען און שרײַען, אַז די באָטעס זענען צוריסען...

אַ מיטעל האָט ער געפונען אַ זיכערען, און ענטשלאָסען האָט ער זיך גלײַך.

אַ מעסער האָט ער געהאַט אַ גרויסען, נאָך אַ ירושה פון זײַן טאַטען, שאַרף האָט ער איהם געמאַכט, די הילף איז געקומען!...

צעהן אָבגעהאַקטע פינגער פון די פיס זענען געלעגען אויף דער פּאָדלאָגע.

אַ שטראָם וואַרעמע רויטע בלוט האָט זיך געצויגען איבער למכ'ס שטוב...

און די באָטעס זענען געבליבען צוריסען.



# דער אלטיטשקער
# און דאם מערעל

# דער אַלטיטשקער און דאָס מעדעל.

(אַ יידישע מעשה'לע).

אין ערגעץ א לאַנד, אין ערגעץ אַ שטאָדט, אין אַ פֿינסטער געסעל און אין נאָך אַ פֿינסטערען בשמים קלייטעל, איז איין אַלטיטשקער קרעמער מיט זיין אַלטיטשקע וויַיב געזעסען, די אַלטיטשקע האָט אין די פּאָליצעס אָרדנונג געמאַכט און דער אַלטיטשקער האָט פּערטיעפּט קופּער=געלד געצעהלט, אַ צעהנער'ל צו אַ צעהנער'ל, אַ זעקסער'ל צו אַ זעקסער'ל געלעגט און אַ דערכנונג געפֿיהרט:

— פּופּצעהן גילדען צאָהלען קראָם=געלד, צעהן גילדען קויפֿען סחורה...

איז אַ יונג מעדעל אין קלייטעל אריַינגעקומען און האָט איהם פֿון זיין אַרבייט געשטערט.

— זיידינקע, פֿאַר פֿיער גראָשען מעהל, פֿאַר דריַי גראָשען פֿעפֿער, פֿאַר אַ צווייער ציבעלעס, — און האָט איהר שוין געהערט, זיידינקע, פֿון די נייַעס, וואָס ס'האָט געטראָפֿען? — דאָרטען ערגעץ וויַיט אין דער מדינה, כ'געדענק שוין נישט פֿאַר וואָס, האָט מען אַ סך, אַ סך יידען אויסגעקוילעט, גאַנצע שטעדט אויסגעקוילעט, קינדער אויף די מוטערס געשאָכטען, פֿאָטערס אויף די קינדער געשאָכטען און דאָס גאַנצע גוטס צוראַבירט...

דער אַלטיטשקער איז בלאַס געוואָרען און ערשראָקען האָט ער צו זיין אַלטיטשקער געזאָגט:

— מיין ווייב, אַ גרויס אומגליק איז איף יידען געקומען, לויף גיכער אַהיים און ברענג מיר איין תהלים אַהער. — און צו דער מעדעלע האָט ער צוגעגעבען:

— מיין קינד, איך האָב פאַר דיר איצטער נישט קיין פעפער נישט קיין ציבעלעס, אַ אומגליק אין געשעהען!...

און ווען די אַלטיטשקע האָט איהם זיין תהלים געבראַכט, האָט ער דאָס געוועלבעל צוגעמאַכט, איפ'ן שוועל זיך אוועקגע-זעצט און מיט טרערען יעדעס בלעטעל פון זיין תהלים בענעצט, און ווען איינער אַקונה האָט סחורה פערלאַנגט, האָט דער אַל-טיטשקער פון תהלים געענטפערט:

— איך האָב איצטער נישט מעהר קיין געוועלבעל ניט קיין סחורה.

נאָר ווען דאָרטען ווייט אין דער מדינה האָט די ערד שוין דאָס בלוט איינגעזאַפּט, האָט דאַן דער אַלטיטשקער זיין תהלים צוגעמאַכט און געוואָלט דאָס קליינטעל עפענען...

איז דאָס יונג מעדעל געקומען.

— זיידינקע, עפענט דאָס געוועלבעל, איך דאַרף פאַר פיער גראָשען בעבעלעך, פאַר דריי גראָשען גרויפען און אויך אַ קעפעל, איב ס'איז דאָ, דאָ פון אַ הערינג, און האָט איהר שוין, זיידינקע, פון דאָס פרישע נייעס געהערט, דאָס דאָרטען ערגעץ ווייט אין דער מדינה עפּעס מעגען, עפּעס טאָרען נישט יידען וואָהנען איז אַזעלכע שטעדט, האָט מען זיי פון דאָרטען אַלעמען אַרויסגעטריבען, קינדער פון די מוטערס אָבגעריסען, פאָטערס פון די קינדער צושיידט, און דאָס גוטס איז דאָרטען געבליבען...

בלאַס איז ווידער דער אַלטיטשקער געוואָרען און צו דער מעדעל האָט ער געזאָגט:

— מיין קינד, אַ פרישׁ אומגליק האָט יידען געטראָפען, איך

קען איצטער דיר קיין בעבלעך אויך קיין גרויפען געבען, אַ אומ־
גליק איז געשעהן:

און ווידער זיצט דער אַלטיטשקער איפ׳ן שוועל פון זיין
געוועלבעל און בענעצט מיט אַלטע טרעהרען די בלעטער פון זיין
תהלים, און ווען איינער אַ קונה פרעגט נאָך סחורה, ענטפערט ער
פון תהלים:

שפעטער, מיין פריינד, איין אומגליק איז געשעהען...

און אַז דער אַלטיטשקער האָט אין זיין תהלים אַלע בלע־
טער מיט טרעהרען דורכגענעצט, האָט ער זיין געוועלבעל גע־
וואָלט עפענען...

איז ווידער דאָס מעדעל געקומען...

– זיידינקע, עפענט דאָס געוועלבעל, איך דאַרף האָבען
קאַרטאָפלעס מיט בורעקלאַך, – און ווייסט איהר שוין, זיידינקע,
פון די פרישע נייעס, דאָס דאָרטען ערגעץ אין די קלאַסען, אין
די שוהלען טאָרען יידען נישט לערנען תורה, וויסענשאַפט געניסען
און אויך טאָרען מיר נישט קינער, אַפילו איך און איהר, זיי־
דינקע, עפעס, כ׳געדענק שוין ניט גענוי, נאָר דוכט זיך – קראַנק
זיין און לופט געניסען...

דער אַלטיטשקער האָט טיעף פערקנייטשט דעם שטערען און
האָט צום מעדעל געזאָגט:

– אַ פרישע גזרה איז אויף אינז געקומען, איך מוז תהלים
זאָגען, שפעטער וועסטו קאַרטאָפלעס מיט בוראַקלעך בעקומען.

און ווידער ווייקט דער אַלטיטשקער מיט זיינע טרעהרען
די שוין־נאַסע בלעטער פון זיין תהלים, און ווען איינער אַ קונה
פרעגט נאָך סחורה, ענטפערט ער פון תהלים:

– שפעטער, מיין פריינד, אַ פרישע גזירה איז אונז גע־
קומען...

נאָר דינען זיך ביי׳ם אַלטיטשקען די טרעהרען אויסגענומען,
אויך האָט דער הונגער דאָס האַרץ געדריקט, – האָט דער אַל־

טיטשקער דעם געשוואָלענעם נאַסען תהלים צוגעמאַכט און גע־וואלט דאָס קלייטעל עפענען...

איז דאָס מעדעל וויעדער געקומען.

– זיידינקע, עפענט דאָס געוועלבעל, איך דאַרף צוקער און טהיי,– און האָט איהר שוין, זיידינקע, פון די מאָרגע נייעס גע־הערט, – דאָס דאָרטען ערגעץ אין אַזעלכע שטעדט טאָרען עפּעס נישט אין די בעכער ביי די מוטערס וואָהנען יידישע קינדער – איך געדענק שוין, זיידינקע, נישט געגוי – נאָר דוכט זיך, וועלכע זענען נאָך נישט געבוירען, ווייל עפּעס די מוטערס אַזעלכע „פּראַוועס" געהען נישט אַריבער אינעווייניג צו איהר אין בויך... כ'האָב זיך, זיידינקע, געמוזט צוטומלען, נאָר דאָס ווייס איך, אַז עפּעס טאָרען זיי צוזאַמען דאָרט נישט וואָהנען...

אויפגעקנייטשט האָט דער אַלטיטשקער זיין שטערען און צו דער מעדעל האָט ער געזאָגט:

– מיין קינד, ס'איז אַלץ די זעלבע גזירות, פון איין מקור קימען זיי און צו איין מקור געהען זיי, נאָר אייביג קען איך נישט אויפ'ן שוועל פון מיין קלייטעל זיצען. נאַ, נעהם מיין תהלים, טראָג איהם אַוועק צו מיר אַ היים... און נאָכהער וועסטו טהיי און צוקער בעקומען.

און געעפענט האָט דער אַלטיטשקער זיין געוועלבעל, האָט אין פושקע אַ מטבע אַריין געוואָרפען, אין טיפען ווינקעל אויפ'ן בענקעל זיך געזעצט און זיך צו זיין אַרבייט גענומען, אַ צעהנער'ל צו אַ צעהנער'ל קלייבען און רעכנונג פיהרען: פופצעהן גילדען קראָם־געלד צעהן גילדען קויפען סחורה.

און וויעדער קומט דאָס מעדעל

– זיידינקע, גיט מיר גיכער צימערינג מיט לאַקרעציע און, מסתמא, זיידינקע, האָט איהר שוין פון דאָס פרישע נייעס גע־הערט, דאָס ערגעץ דאָרטען, ערגעץ דאָ, כ'געדענק שוין נישט געגוי, וועלען יידישע ציגען מוזען וואָהנען נאָר אין די שטעדט

און בהמות וועלען אויף פּאַשע ניט טאָרען געהען, אויב זיי עסען פון אַ יידישען צעבער.

אַ מאָדנער שמייכעל איז אויף דעם אַלטיטשקענס געזיכט אריבער, נאָר געזאָגט האָט ער גאָר נישט. און שטום אָהן ווערטער האָט ער דעם מערעל ראָזינקעס מיט מאַנדלען אָבגעוואויגען...

און אָפּטער קומט דאָס מערעל...



# דאָס פֶערבִּיטֶענֶע חֲנוּכָּה-לִיכְטֶעל.

---

דער אַלטיטשקער ר׳ עזריאל האָט שוין אַרײַנגעשטעקט אין חנוכּה-לײַכטער זעקס שטיקלעך גראָבע וואַקסענע, אָבגעבּרענטע תּפילה-ליכט, וואָס ער פלעגט קלויבען אַ גאַנץ יאָהר אויף חנוכּה, און איז מיט׳ן רבי׳ן, וואָס האָט געקנעלט בּײַ איהם, אַוועק דאווינען מנחה און מעריב.

ווי נאָר זיי זענען אַרוים הינטער דער טהיר, האָבען זיך גלײַך די חדר יינגלעך אַ וואָרף געטהון צו דעם חנוכּה-לײַכטער און האָבען דאָרטען אָנגעהויבען בּעלי-בּית׳עווען, און דאָ האָט איין יינגעל בּע-מערקט, אַז איין ליכטעל איז מיט אַ בּײַכעלע און איז זעהר עהנליך צו ר׳ עזריאל׳ס אָהל, וואָס ליעגט שטענדיג אין קעסטעל פון טיש. נאָך אַ קורצען ישוב-הדעת איז געבּליבּען בּײַ די קינדער, אַז מ׳זאָל טאַקע דעם אָהל אַרײַנשטעקען אין חנוכּה-לײַכטער און דאָס שטיקעל ליכטעל אַוועקלעגען אין טיש-קעסטעל אָנשטאָט דעם אָהל...

וויסענדיג, ווי ווײַט ר׳ עזריאל איז שוואַך אויף די אויגען, אַפילו אין זײַנע צוויי פּאָר בּרילען – האָבען חברה שוין בּעצײַטענס ענלאַכט פון זייער המצאָה, און זענען מיט אַ הוילען געלעכטער אַוועק אַהיים.

נאָך מעריב האָט דער אַכציג־יאָהריגער אַלטיטשקער ר׳ עזריאל געבענשט חנוכּה־ליכטלעך און גענומען מיט׳ן „שמש״, אין זיינע ציטערדיגע הענד, לאַנג טאַנצען אַרום יעדען ליכטעל. פֿיער ליכטלעך האָט ער שוין אָנגעצונדען. נאָר אָט עס איז שוין אַ לענגערע צייט, אַז ער טאַנצט מיט׳ן „שמש״ אַרום דאָס פֿיפֿטע ליכטעל און זי וויל זיך ניט אָנצינדען... ס׳ווערט איהם קשה די מעשה און ער ווענדעט זיך צו זיין אַלטיטשקע, וועלכע פּאָרעט זיך אַרום אויווען.

– זאָג נאָר, ציפּה שאָשע, וואָס קאָן עס זיין, וואָס ס׳צינדט זיך ניט אָן דאָס ליכטעל, שוין באַלד אַ פֿיערטעל שעה אפשר... ווייסט ניט?

– פֿון וואַנען זאָל איך עס וויסען, מסתמא, טרעפֿסטו ניט דעם קנייטעל.

און דער אַלטיטשקער פּרובּירט שוין מיט מעהר פֿאָרזיכטיג־קייט אָנצינדען דאָס ליכטעל.

– אָבער, ציפּה שאָשע, כ׳ווייס ניט, ס׳צינדט זיך נאָך אַלץ ניט אָן, כ׳האָב שוין אפילו די פֿינגער אָבגעברענט... וואָס זאָל עס זיין?

– ס׳פּשוט, – שיקט איהם די אַלטיטשקע צו פֿון אויווען – ס׳טרייסלען זיך ביי דיר די הענד.

ר׳ עזריאל אָבער, פֿיהלט, אַז דאָ איז עפּעס אַן אַנדער סבּה. ניין, ס׳מוז דאָ עפּעס זיין, קלערט ער, און נעהמט אַרויס דאָס שטיקעל ליכט פֿון רעהר, בעטראַכט עס דורך זיינע צוויי פּאָר „שפּאַקולען״, און דאַן האָט ער ערשט בעמערקט, אַז ער האַלט אין האַנד זיין שוסטעריש׳ן אָהל... ער דערשרעקט זיך פֿון אַזאַ מין רעטעניש: ווי קומט אַהער זיין שוסטערשער אָהל, ער ליגט דאָך שטענדיג אין טישקעסטעל? און ער גיעהט, גלייך נאָכ׳ן אָנצינדען די לעצטע צוויי ליכטלעך, צום טישקעסטעל זיך איבּערצייגען.

אין טישקעסטעל ליגט דאָס שטיקעל ליכט, וואָס די קינדער

האָבען אַוועקגעלעגט, דער אַלטיִטשקער בעטראַכט עס און פערליִרט זיִך שוין גאָר איִנגאַנצען.

— אַ מאָדנע רעטענעש — ברומט ער פאַר זיִך — איִן טיִשקעסטעל ליִעגט מיַין אָהל, און האַנד האַלט איִך וויִעדער מיַין אָהל... אַ מאָנדרע רעטענעש! זאָל עס חלילה ניִט זיַין!...

און ר' עזריאל בלייבט שטעהען צוטומעלט איִבער דער אָפענער טיִשקעסטעל. ס'איִז גראָד ביַי דעם פיִנפטען ליִכטעל און איִז אַמאָל צו דעם ליִכטעל געבויִרען געוואָרען... אַ מיאוס'ער, מיאוס'ער מכשול!...

וואָס וויַיטער דער אַלטער וויִל טרעפען דאָס רעטענעש — אַלץ מעהר דערשרעקט ער זיִך, און ער מוז זיִך וויַיטער ווענדען צו זיַין אַלטיִטשקע, אפשר וועט זי איִהם אַרויסהעלפען.

— ציפּה־שאָשע, ווייסט ניִט, איִך האָב איַין אָהל אָדער צוויי?

— פון וואַנען זאָל איִך עס וויִסען?... איַין אָהל, ווייס איִך, ליִעגט שטענדיִג איִן טיִשקעסטעל.

— פון דעם ווייס איִך, נאָר זאָג מיִר, אפשר ווייסטו ניִט, צי איִז געלעגען נאָך אַנ'אָהל איִן קעסטעלע, וואו איִך קלויב מיַינע חנוכה־ליִכטלעך?

די אַלטיִטשקע קוועטשט מיִט די פּלייצעס.

— טאָ זאָג מיִר האָטש, ציפּה־שאָשע, אפשר האָסטו אַמאָל געליִהען אַנ'אָהל ביַי בערעל דעם שוסטער?

— צו וואָס זאָל איִך דאַרפען אַנ'אָהל?

— טאָ אפשר האָט בערעל אַליין אַמאָל דאָ פערגעסען אַנ'אָהל?

די אַלטיִטשקע ווערט שוין אַביִסעל ברוגז.

— אָט לאָז מיִך גאָר צורוה מיִט דיַין אָהל! איִך דאַרף וויִסען, צי האָט בערעל דאָ פערגעסען אַנ'אָהל אָדער ניִט?...

דער אַלטיִטשקער פערשעמט זיִך און שוויַיגט אַביִסעל אָב.

— ציפּה־שאָשע — זאָגט ער אין אַ מינוט אַרום, — ווייסט, וואָס איך וועל דיך פֿרעגען. ווייסט אפשר ניט, אַז מען געפֿינט אַ אָהל, וואָס קאָן דאָס זיין פֿאַר אַ סימן?

— וואָס איז דיר עפּעס איינגעפֿאַלען, דאָס צו פֿרעגען? — וואונדערט זיך די אַלטיטשקע.

— ס'אַזוי גלאַט... איך האָב היינט עפּעס אין אַ ספר געקוקט...

— טאָ וואָס פֿרעגסטו ביי מיר, איך זאָל וויסען, וואָס ביי דיר דאַרטען אין ספר שטעהט?

— ניין, ציפּה־שאָשע, איך מיין גלאַט, אפשר ווייסטו, די ווייבער ווייסען אַ מאָל... הער זשע, און אַז מ'ען געפֿינט אייזען... אַזוי זיך אייזען אָדער כּדומה אַ שוסטערשען אָהל?...

— פֿון וואַנען זאָל איך וויסען, וואָס אייזען אָדער כּדומה אַנ'אָהל זאָל בעדייטען? איך ווייס נאָר, אַז מען געפֿינט אַ פֿערדעשע פּאָד־קאָווע איז דאָס, זאָגט מען, אַ סגולה צו פּרנסה...

— נו, איז דאָך אַנ'אָהל אויך פֿון אייזען?

— אָבער, וואָס איז דיר געפֿעלען דוקא אַנ'אָהל, ס'האָט דיר, מסתמא, זיך עפּעס גע'חלומ'ט?

— חלילה, ס'איז פֿון ספר.

— טאָ וואָס זשע האָסטו צו מיר?

— ביזט אפשר גערעכט, ציפּה־שאָשע, אָבער זאָג מיר נאָר, ווי איז, אַז מען וויל אָנצינדען אַ ליכטעל און מען געפֿינט... איך מיין, אַז עס שטעקט אין לייכטער... איך מיין, פֿערשטעהסט, וואָס קאָן דאָס זיין פֿאַר אַ סימן, אַז אָנשטאָט אַ ליכט שטעקט אַנ'אָהל?...

— מיין גאָט, — ווערט שוין די אַלטיטשקע בייז, — אייב איך פֿערשטעה אַ וואָרט... נאַ דיר אַ נייע למדנ'טע האָט ער געפֿונען... איך זאָל וויסען, וואָס דאַרטען שטעהט געשריבען אין זיין ספר?

וואָס ווייטער פֿאַלט אַלץ דער אַלטיטשקער אַריין אין מעהר פֿערצווייפֿלונג און עס בלייבט ביי איהם נאָר אַריבערצוגעהן צו ר' סנדר דעם דיין. ער טהוט אָן גלייך זיין אַלטען קעצענעם פּוטער'ל.

— וואוהין געהסטו איצטער? — וואונדערט זיך זיין אלטיטש־קע, — ס'איז דאך שוין פארטיג וועטשערע?

— אויף איין מינוט, ציפה־שאשע, איך געה צו ר' סנדר דעם דיין, כ'האב זיך וואס דערמאהנט איהם צו פרעגען...

דעם דיין דערצעהלט ער, אז ס'האט זיך איהם גע'חלום'ט א חלום און בעט איהם פותר חלום זיין.

— ס'חלום'ט זיך מיר, — דערצעהלט ער איהם, — אז איך וויל אנצינדען דאס ליכטעל, און קאן בשום אופן ניט. און אז איך נעהם ארוים דאס ליכטעל א קוק טהון, איז דאס גאר מיין שוסטער־שער אהל... דאס איז געוועזן דאס פינפטע ליכטעל, און דאס פינפטע ליכטעל איז ביי מיר חשוב... ס'איז אפשר א נארישקייט, נאר די מאמע, עליה השלום, פלעגט דערצעהלען, אז איך בין געבארען געווארען צו דעם פינפטען ליכטעל...

דער דיין האט לאנג ניט געקלערט און האט צופריעדען גע־זאגט:

— ס'איז, ר' עזריאל, זעהר א גוטער חלום. אנ'אייזערנער אהל איז א סימן פון כח און איהר וועט, ר' עזריאל, איה"ש, מאריך ימים זיין...

א גליקליכער אויסדרוק צוגיסט זיך איבער דעם אלטיטשקענס געזיכט, און דאנקענדיג ר' סנדר'ן נעהמט ער גלייך א היים. אין מיטען וועג דערמאהנט ער זיך וואס און קעהרט זיך אום צוריק צום דיין.

— איהר וועט מיר, ר' סנדר, שוין מוחל זיין, וואס איך האב זיך אומגעקעהרט, נאר איך האב אייך פריהער פערגעסען נאך איבערצוגעבען אין חלום, אז מיין אהל האב איך געפונען שטעקען אין חנוכה־לייכטער, און מיין אהל ווידער האב איך געפונען לי־גענדיג אין טישקעסטעל אויף זיין שטענדיגען ארט.

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען, ר' עזריאל, נאר איך פער־שטעה ניט, וואס איהר מיינט.

— דאָך פּשוט, ר׳ סנדר. אין חנוכּה־לײַכטער האָט געשטעקט מײַן אָהל, וואָס ליגט שטענדיג אין טישקעסטעל, און אין טיש־קעסטעל איז אויך געלעגען מײַן אָהל...

— כ׳ווײס נאָך אַלץ ניט, ר׳ עזריאל, וויפיעל אָהלען האָט זיך אײַך געחלומ׳ט?

— צוויי, נאָר האָבען האָב איך אײנעם...

— נו, געוויהנליך, ר׳ עזריאל, קאָן אַ חלום ניט זײַן נאָר ריכטיג, יעדענפאַלס איז צוויי אָהלען בעסער, ווײַל מ׳האָט אײַך צוויי מאָל געוויזען אַ סימן פון כח...

— כ׳האָב, אָבער, נאָר אײן אָהל און ער ליגט בײַ מיר שטענדיג אין טישקעסטעל...

— ס׳מאַכט ניט אויס, וויפיעל איהר האָט, אָבער אין חלום האָט איהר צוויי געזעהן?

— כ׳ ווײס אויך ניט, כ׳האָב גערעדט אײנעם... כ׳האָב אָבער צוויי...

— איך זעה, ר׳ עזריאל, אַז איהר גערעדט אַלײן ניט קלאָר, נאָר ס׳איז זעהר אַ גוטער חלום...

און דער אַלטיטשקער איז ווידער צופּרידען אַוועק אַהײם, אָבער באַלד דערמאָנט ער זיך ווידער עפּעס און קעהרט זיך אום אַ צווײטען מאָל צום דיין.

— איהר מוזט מיר שוין, ר׳ סנדר, מוחל זײַן. כ׳בין אַוועק, אַזוי מטריח. נאָר כ׳האָב נאָר געוואָלט פרעגען, ווי וואָלט געװען, ר׳ סנדר, אַז מיר וואָלט זיך דאָס גאָר ניט געחלומ׳ט?

דאָ האָט שוין דער דיין מיט חשד אַ קוק געטהון אויף דעם אַלטיטשקען.

— כ׳פערשטעה ניט, ר׳ עזריאל, אַנטקעגען וואָס פרעגט איהר דאָס?

— ס׳איז אפשר, ר׳ סנדר, טאַקי אַ נאַרעשע קשיא, נאָר ס׳איז מיר עפּעס אײנגעפאַלען... איך וואָלט אײַך פרעגען, ר׳ סנדר,

זוי וואָלט געווען, אַז מיר חלומ'ט זיך דאָס ניט, נאָר ס'פּאַסירט טאַקי דאָס אויף וואָהר?...

— כ'פערשטעה אייך, ר' עזריאל, ווייטער ניט, איהר וועט אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט האָבען.

— איך גלויב אייך, ר' סנדר, נאָר כ'קאָן דאָס ניט אַרויס־געבען. אָבער ווי איז, אַז דאָס טרעפט זיך פּאָרט אויפ'ן וואָהר — איז עס, חלילה, ניט קיין שלעכטער סימן?

— חלילה, דאָ איז איבערהויפּט דער רמז: אייזען איז כח — כח איז אריכות־ימים און אַנ'אָהל איז פון אייזען... דאָס איז דער אמת'ער פתרון.

און ר' עזריאל איז אַ דריטען מאָל אַוועק אַהיים, אָבער האָט זיך באַלד צוריק אומגעקעהרט צו'ם דיין.

— איך שעם זיך שוין, ר' סנדר, אַזוי פיעל מטריח זיין, נאָר כ'קאָן שוין ניט, איך מוז אייך זאָגען דעם גאַנצען אמת, אַז מיר האָט זיך דאָס ניט געחלומ'ט... כ'מוז אייך שוין דערצעהלען די מעשה. ס'האָט מיר געטראָפען היינט טאַקי אָט אַזאַ מכשול: כ'ציגד דאָס ליכטעל, דאָס פינפטע, ערשט ס'צינדעט זיך ניט אָן... כ'גיעב אַ קוק — ס'איז גאָר מיין אָהל וואָס ליעגט אין טישקעסטעל... כ'גיעב אַ קוק אין טישקעסטעל — ס'ליעגט דאָרטען אויך אַנ' אָהל, ווי שטענדיג... און האָבען האָב איך, ר' סנדר, נאָר איין שוסטערשען אָהל... מיין ציפּה־שאָשע האָט קיין אנדער אָהל ניט געליהען, כ'האָב אַליין אויך ניט געליהען, און בעריל דער שוסטער האָט אויך ניט פערגעסען ביי מיר... אָט דאָס איז, ר' סנדר, דער מכשול, זאָל ניט זיין עפּעס, חלילה, כ'וויים?...

דער דיין האָט אַביסעל געקלערט, און באַלד רוהיג און זיכער געזאָגט:

— ס'איז גאָר נישט, ר' עזריאל, ס'איז אַלץ אַ גוטער סימן... און דעם צווייטען שוסטערשען אָהל האָט, מסתמא, אַמאָל אַ קינד פערשלעפּט און פערוואָרפען צווישען די חנוכה־ליכטלעך, ס'בלייבט

אַלץ דערזעלבער רמז: אײַזען איז כּח און איהר וועט איה״ש, ר׳ עזריאל, נאָך מאריך־ימים זײַן, איהר מעגט צופרידען געהן אַהײם.

און ר׳ עזריאל איז אַ פיערטען מאָל אַוועק אַהײם.

— נו, ציפּה־שאָשע, ס׳איז טאַקע דאָ אַ רמז אויף אַנ׳אָהל — האָט דער אַלטיטשקער געזאָגט, גלײַך ווי ער איז אַרײַן אין שטוב. — ס׳איז טאַקע יאָ דאָ אַ סימן, אַז ס׳טרעפט זיך אַנ׳אָהל. ר׳ סנדר האָט עס מיר תיכף געזאָגט: אַנ׳אָהל איז פון אײַזען, אײַזען איז כּח, כּח איז אריכות־ימים, פערשטעהסט?

די אַלטיטשקע האָט מיט חשד געקוקט אויף איהר צופרידענעם אַלטיטשקען און האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— מײַנסטו, אַז איצטער פערשטעה איך, — האָט זי געזאָגט, — נאָר וואָס עפּעס האָט דיר אַזױ אָנגעשפּאַרט, ס׳האָט זיך דיר געמיזט מסתמא, עפּעס חלומ׳ן, זאָג שוין דעם אמת?

— חלילה! כ׳האָב נאָר עפּעס ניט פערשטאַנען אין ספר... נאָר הער נאָר, ציפּה־שאָשע, וואָס איך וואָלט דיך בעטען, אַז דו זאָלסט מיר געבען אַ דינע טיכעלע.

— אויף וואָס דאַרפסטו אַ טיכעלע?

— כ׳וויל אײַנוויקלען די אָהלען און בעהאַלטען זיי בײַ מיר אין קופערט... זיי וואַלגערען זיך אַרום...

— נו מ׳שטײנס געזאָגט. — מאַכט אַביסעל די אַלטיטשקע, — ער האָט קײן בעסערע מציאה ניט געפונען, וואָס אײַנצוויקלען אין אַ טיכעלע, ווי זײַן שיסטערשען אָהל? אָט װאָלסט זעהן בעסער צו שטעפּען מײַן שוך, וואָס איך האָב דיר שוין טױזענד מאָל געבעטען, ס׳רינט מיר אין פוס. אָט טאַקע נעהם נאָך וועטשערע, עזריאל, און פערריכט דאָרטען אַביסעל.

דער אַלטיטשקער האָט זיך איבערגעשראָקען.

— כ׳ווײס ניט, צי וועל איך קאָנען מיט דעם אָהל פערריכטען... ס׳ איז עפּעס אַ...

– ניִשקשה. ס'וועט, חלילה, פון איהם דאָס גאָלד ניט אָב־פאַלען ...

– דער אָהל אָבער, ציפּה־שאָשע, איז אַ... אַ...

– אַ גאָלדענער! – האָט די אַלטיטשקע געלאַכט ...

די אַלטיטשקע איז צו איהם צוגעשטאַנען און ר' עזריאל האָט געמוזט נאָכגעבען.

נאָך וועטשערע האָט דער אַלטיטשקער אַרויסגענומען דאָס ליכטעל פון טישקעסטעל (דער צווייטער אָהל איז ביי איהם געווען עפּעס ווי אַ מין „קמיע") און האָט לאַנג'אָם און פאָרזיכטיג געגו־מען געבען מיט איהם דעם ערשטען שטאָך אין זיין ציפּה־שאָשע'ס שוך... צום ערשטען שטאָך האָט זיך דער קנייטעל גלייך אויפגע־דרעהט... דער רמז פון כח האָט זיך צובראָכען–און דער אַלטיטש־קער איז גלייך געפאַלען אין חלשות ...



# אִינְהַאלְט.